איך בין זיכער, אז ס'איז, ווירקליך, פאראן אזא זאך ווי לעבען נאכאמאל און אז דאס לעבען שפּראצט־ארויס פון טויט, אז די נייסטער פון די געשטאר־בענע עקזיסטירען, און אז די גוטע נשמות האבען א בעסערע מערכה ווי די שלעכטע.

סאקראטעס.

דער מענש, וואס גלויבט נישט אין העלוזעהונג (קלעירוואיאנס), פארדינט נישט אנגערופען צו ווערען סקעפטיקער; ער איז בלויז אומוויסענד.

שאפענהויער.

ס'איז נישט פאראן קיין טויט; דאס, וואס זעהט אזוי אויס, איז בלויז אן איבערגאנג.

לאנגפעלאו.

די פאקטען וועגען דער רעאליטעט פון גייסטער־ערשיינונגען זענען אזוי קלאר באוויזען געווארען, אז מיר אליין קענען אנהייבען צוזאמענשטעלען זייער ביאָ־לאגיע און פסיכאלאגיע.

לאמבראזא.

איך בין אזוי איבערציינט אין דעם מענש'ס עקזיס־טענץ נאכ'ן טויט, ווי איך בין איבערציינט, אז איך שרייב אין דעם מאמענט דיזאזינע שורות.

דר. וו. י. קראפארד.

# באַמערקונגען צום בוך.

„די צווייטע עקזיסטענץ" איז דאָס ערשטע ווערק איבער'ן ספירי־טואַליזם אין דער אידישער שפּראַך.

ס'איז אין דער איצטיגער צייט נישט פאַראַן קיין איין אייראָפּעאישע שפּראַך, אין וועלכער ס'זאָל נישט זיין אַ גרעסערע אָדער קלענערע ליטע־ראַטור וועגען דער ספּיריטואַליסטישער וויסענשאַפט. זאָל אונזער שפּראַך קיין אויסנאַהם נישט זיין.

דער ספּיריטואַליזם איז אין די לעצטע יאָהרען אומגעהויער פאַר־שפּרייט און פּאָפּולער געוואָרען אין אַלע לענדער, וואו עס געפינען זיך מענשען, וואָס אינטערעסירען זיך מיט העכערע פראַגען.

די אַלטע פראַגע פון „השארת־הנפש", פון אַ לעבען נאָכ'ן טויט, וועלכע האָט לעצטענס באַקומען אַ פילאָזאָפישע און וויסענשאַפטליכע באַגרינדונג, איז געוואָרען אַ טעמע פאַר דעבאַטען צווישען די גרעסטע וויסענשאַפטסלייט און דיכטער.

אויך דער ברייטער עולם איז אריינגעצויגען געוואָרען אין די דיס־קוסיעס איבער דערדאָזיגער פּראָבלעמע — ווייל וועלכער מענש קען בלייבען גלייכגילטיג צו דער פראַגע: אויב עס עקזיסטירט אַ לעבען אויף יענער זייט פון קבר, אויב אונזער עקזיסטענץ ווערט פאָרטגעזעצט נאָכדעם ווי דער ערדישער קערפּער ווערט פערשאָטען מיט ערד?

איך האָב זיך באַמיהט אין מיין בוך צו ברענגען ציטאַטען און אי־בערגעבען די ערפאַרונגען פון די גרעסטע וויסענשאַפטליכע אויטאָרי־טעטען אין ספּיריטואַליזם, כדי דער אידישער לעזער זאָל קריגען אַ באַגריף פון דעם מאָדערנעם פילאָזאָפיש־וויסענשאַפטליכען אָקולטיזם.

איך דערוואַרט פאָראויס, אַז אין מאַנכע קרייזען וועט מיין בוך באַגעגענט ווערען מיט אַ שמייכעל, ווי ס'איז געוויינטליך, שטענדיג דער פאַל, ווען מ'קומט אין דער עפענטליכקייט ארויס מיט אידעען, וואָס „ליגען זיך ניט אויפ'ן שכל"...

איך וויים דאָס... בפרט נאָך, אז איך זוך נישט צו באַהאַלטען מיינע

אייגענע אנשויאונגען וועגען דער לעהרע, איבער וועלכער כ'האָב געמאכט א גרונטליך שטודיום.

דער חוזק־שמייכעל פון „קלוגע" לייט האָט ניט צוריקגעהאלטען א טייל פון די בעסטע פאָרשטעהער פון וויסענשאפט, פילאָזאָפיע און קונסט אָפּצן ארויסצוזאגען זייערע מיינונגען וועגען דער לעהרע פון אומשטערבליכקייט און זיי האָבען אויסגעטראָטען א וועג פאַר אנדערע.

איך בין נישט אויסען אימיצען צו מאַכען פאַר א גלויביגען ספּיריטואַ־ליסט; איך וויל קודם די אידישע לעזער באַקענען מיט'ן ספּיריטואַליזם און פאַרלאַנג דערפאַר פון זיי איין זאַך: זיי זאָלען רוהיג וועגען דעם נאַכטראַכטען, אורטיילען פאַר זיך אליין און פערזענליך נאָכצוזוכען, אויב דאָס איז פאַר זיי מעגליך.

א לעהרע, וואָס צעהלט צווישען איהרע אָנהענגער אזעלכע פערזענ־ליכקייטען ווי פלאַמאַריאָן, הענרי בערגסאָן, וויליאם קרוקס, לאָמבראָזאָ, אליווער לאָדזש, דר. היסלאָפּ און פיעל אנדערע — אזא לעהרע פאַרדיענט יעדענפאַלס, אז מ'זאָל זיך צו איהר באַציהען ערנסט.

* * *

דער ספּיריטואַליזם אַלס מאָדערנע באַוועגונג איז אנטשטאַנען אין יאָהר 1848 אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אמעריקאַ. די ערשטע מעדיומס זיינען געווען די צוויי שוועסטער פאָקס.

זיי און מאַדאַם פאָקס און זייערע טעכטער, וועלכע האָבען גע־וואוינט אין היידוויל נ.י., זענען שטאַרק געשטערט געוואָרען פון אומ־פאַרשטענדליכע גערוישען און קלאַפּערייען, וואָס האָבען אָנגעהאַלטען א לענגערע צייט און באַאומרוהיגט דאָס הויז. קייט פאָקס, איינע פון די טעכטער, האָט אנטדעקט, אז די קלאַפּערייען זענען פאַראורזאכט פון אַן אינטעליגענטער קראַפט, וואָס וועט געבען ענטפערס אויף פראַגען. א קאָמוניקאַציע איז עטאַבלירט געוואָרען און ס'האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די קלאַפּערייען און גערוישען קומען פון א דערמאָרדעטען הענדלער.

געהיימע גערוישען אין הויז, מיסטעריעזע קולות זענען קיין איבע־ראַשונג נישט פאַר די, וואָס האָבען שטודירט פּסיכישע ערשיינונגען. די געזעלשאַפטען פאַר פּסיכישער פאָרשונג האָבען אָנגעזאַמעלט הונדער־

טער אזעלכע פאקטען. אז דאס זענען נישט קיין אויסדאכטענישען, נאר רעאליטעטען, באווייזען די געלונגענע פראבען צו פאטאגראפירען די מיסטעריעזע באוועגונגען פון מעבעל, די געהיימע פייערלעך, וואס ווע־רען געזעהן ביי טייל ספיריטואליסטישע סעאנסען, און אויף פאנאגראף־פלאטען האבען זיך דייטליך אפגעדרוקט די סודות'דיגע גלאקען־קלאנגען, מענשליכע שטימען און דאס שפיעלען פון מוזיקאלישע אינסטרומענ־טען—ערשיינונגען, וואס ווערען ארויסגערופען פון אומזיכטבארע קרעפ־טען, אהן וועלכער'ס'איז פיזיישער באריהרונג, און קענען דערפאר נישט דערקלערט ווערען מיט איינער פון די „פיזישע געזעצען".

די שוועסטער פאקס זענען, ווי געזאגט, געווען די ערשטע מעדיומס—אבער די ערשטע פון אונזער צייט, ווייל דער ספירי־טואליזם איז שוין אלט טויזענטער יאהרען. אין דער ביבעל גע־פינען זיך נאך סמנים, אז אין דער ביבלישער צייט איז שוין פראקטי־צירט געווארען אקולטיזם, ווי, צום ביישפיעל, דער סעאנס, וואס דער קעניג שאול האט דאן געהאט מיט א דאמאלטיגען מעדיום, א פרוי פון עין־דר, דורך וועלכע ער האט ארויסגערופען דעם גייסט פון נביא שמואל—וואס דאס באווייזט, אז כ'פלעגען דאן פארקומען ספיריטואליס־טישע סעאנסען, כאטש די פראקטיצירונג דערפון איז דורך דעמזעלבען שאול שטרענג פארבאטען געווען.

שאול'ס סעאנס מיט דער פרוי פון עין־דר האט ארויסגערופען א סך דיספוטען צווישען די „תנאים" און „גאונים". דער בן־סירא גלויבט אין דער רעאליטעט פון דעם סעאנס (בן־סירא מ"ו). א צדוקי האט פאר רבי אבוה אויסגעדריקט זיין פארוואונדערונג וויאזוי דער מעדיום האט געקענט אראפברענגען פון הימעל דעם נביא שמואל'ס נשמה. אבער רבי אבוה האט איהם דערקלערט, אז אין די ערשטע צוועלף חדשים נאכ'ן טויט קומט די נשמה אפט באזוכען דעם קערפער אין קבר און אזוי ווי דעם נביא'ס קבר איז נאך נישט אלט געווען קיין יאהר, האט דער מעדיום בעת אזא וויזיט ארויסגערופען פון קבר שמואל'ס נשמה.

די גאונים רב האי, סעדיה, שמואל בן חפני, דער רמב"ם און דער רלב"ג האבען פראבירט אוועקנעהמען דאס „אומנאטירליכע" פון שאול'ס סעאנס און דאס דערקלערען אויף א ראציאנאלען, שכל'דיגען אופן. אבער אברבנאל איז מיט זיי נישט איינפארשטאנען און ער ווייזט־או, אז

ס'עקזיסטירט יאָ אַ געהיימער כח און די פרוי פון עין־דר איז באַזעסען מעדיומשע פעהיגקייטען. *)

פאַראַן באַווייזען, אַז אין רוים—אין דער בליהענדער פעריאָדע פון דער אימפעריע—האָבען עקזיסטירט ספּיריטואַליסטישע געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט סעאַנסען, און צווישען זייערע מיט־גלידער האָבען זיך געפונען די גרעסטע פּערזענליכקייטען.

דער ספּיריטואַליזם פאַרנעהמט אויך אַ טייל פון די פריהע גרי־כישע מיסטעריען: איינע פון די באַשטעטיגונגען דערפאַר געפינט מען ביי פּלאַטאָ'ן, וועלכער זאָגט, אַז דאָס וויסען, וואָס איז דערגרייכט געוואָרען פון די מיסטעריען, איז אַ פולע פאַרזיכערונג פון אומשטערבליכקייט.

עגיפטען און אינדיען זענען פון שטענדיג אַן באַוואוסט מיט זיי־ערע וואונדער, אָבער קיין פּראַקטאָקאָלען זענען, פאַרשטעהט זיך, נישט געבליבען פון די אַלטע ספּיריטואַליסטישע געזעלשאַפטען און די פאַק־טען פון גייסטער־ערשיינונגען און גייסטער־קאָמוניקאַציע, וואָס ווערען דערצעהלט פון יענער צייט, ווערען דערפאַר באַטראַכט פאַר לעגענדע.

עס איז אַ גוט־באַקאַנטער פאַקט, אַז אין כינע און אין אַנדערע מזרח־לענדער, וואו די פאַרשטאָרבענע ווערען פאַרהייליגט, איז דער כעאַנס אַ געוועהנליכע פאַמיליען־זאַך. די, וואָס האָבען אַזעלכע סעאַנסען בייגעוואוינט, דערצעהלען, אַז נאָכדעם ווי אַן עלטערע פרוי פאַלט־אריין אין אַ מין שלאָף אָדער הלשות־צושטאַנד, גיט זי איבער צו דער פאַרזאַ־מעלטער פאַמיליע מיטטיילונגען און זאָגאַר באַפעהלען פון דעם פאַר־שטאָרבענעם משפחה־מיטגליד, ווי אויך איינדרוקען פון דער וועלט, אין וועלכער זי געפינט זיך בעת'ן טראַנס. ווען זי ערוואַכט ווייס זי גאָר־נישט, וואָס מיט איהר איז פאָרגעקומען.

דער זיבענצעהנטער יאָרהונדערט — דער ווירקליכער רענעסאַנס פון אונזער צייט מאַכט מעגליך דעם ספּיריטואַליזם אַוועקצושטעלען אויף אַ פעסטען באַזיס, איהם אַריינצונעהמען אין דער רייה פון אַלע וויסענשאַפטען, און ס'איז שוין

*) ה' יעקב גאָרדאָן אַן אינטעליגענטער רב פון טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, האָט אַ היבשע קאָלעקציע פון שטעלען אין דער ביבעל און תלמוד, וואָס באַציהען זיך אויפ'ן אָקולטיזם אין יענע צייטען. עס וועט זיין אַ פאַר־דינסט, ווען ער זאָל דאָס פאַרעפענטליכען.

נישט ווייט די צייט, ווען דער ספּיריטואַליזם וועט פון אַלע אנערקענט ווערען פאַר אַ פּאָזיטיווער וויסענשאַפט—און פאַר דער העכסטער און וויכטיגסטער פון אַלע וויסענשאַפטען.

* * *

דער ספּיריטואַליזם ווערט געטיילט אין צוויי טיילען: אַן אידעאַליסטישען און מאַטעריאַליסטישען. צום ערשטען טייל געהערט דער גלויבען. די איבערצייגונג, אַז די נשמה איז אומשטערבליך, אַז דאָס לעבען ווערט פאַרגעזעצט אַהן אונזער ערדישען קערפּער; און צום צווייטען טייל געהערט די פּראַקטיצירונג פון גייסטער־קאַמוניקאַציע.

פאַר פיעל מענשען זעהען די סעאַנסען אויס ווי אַ פאַרשוועכונג פון אַ הייליגקייט; זיי זענען געגען דעם, אַז מ'זאָל די פאַרשטאָרבענע אַרויסרופען דורך קינסטליכע מיטלען, אויסער ווען דאָס איז אומבאַדינגט נייטיג פאַר העכערע צוועקען. איינער פון די, וואָס האַלטען אַזוי, איז דער קאַנאַדישער געלערנטער ד״ר אַלבערט דוראַנט וואַטסאַן, אַ מיטגליד פון דער קאַנאַדיש־ענגלישער אַסטראָנאָמישער געזעלשאַפט און געוועזענער פּרעזידענט פון דער קאַנאַדישער געזעלשאַפט פאַר פּסיכישער פאָרשונג. אין זיינעם אַ בריעף צו מיר, דאַטירט דעם 22טען סעפּטעמבער, 1919, באַמערקט ער, אַז כאָטש ער וויל דער עולם זאָל רעאַליזירען די אומזיכטבאַרע קראַפט פון אַ גייסטער־וועלט, איז ער דאָך געגען דעם „אָרדינערן סאָרט ספּיריטואַליזם". „איך גיב זיך אָפּ—שרייבט ער מיר—מיט גייסטער־קאָמוניקאַציע בלויז פאַר די העכסטע מיסטישע און רעליגיעזע צוועקען".

אַזאַ מיינונג דאַרף זיכער רעספּעקטירט ווערען. אָבער מיר דאַכט, אַז גראַד דער „אָרדינערער ספּיריטואַליזם",—ווי ד״ר וואַטסאָן רופט עס אָנ—האַלט אין זיך דעם העכסטען אידעאַליזם. די גייסטער־קאָמוניקאַציע דאַרף זיכער אויסגענוצט ווערען פאַר די אידעאַלסטע מיסטישע און רעליגיעזע צוועקען, אָבער איז דען קענען דעם רעליגיעזען געפיהל צו ברענגען טרייסט און האָפנונג צו יענע, פון וועמען די נאָהענטסטע און ליעבסטע זענען אָפּגעשיידט געוואָרען?

מיט דער צייט, ווען די מענשען וועלען ווערען נעהענטער צום ספּיריטואַליזם און זיך טיפער אַריינטראַכטען און אַריינלעבען אין די סודות פון לעבען און טויט, וועט זיך אין זיי אפשר אַנטוויקלען דער חוש

צו זעהן—און הערען—דאס אומזיכטבארע, נישט דארפענדיג אנקומען צו ספעציעלע קינסטליכע מיטלען.

אבער איצט טרעפט מיט פיעל מענשען, אז זיי זעהען געהיימע ערשיינונגען, וועלכע זיי ווייסען נישט ווי צו דערקלערען. פון די באוואוסטע פערזענליכקייטען, וואס האבען אזעלכעס איבערגעלעבט, איז דא ווערט צו דערמאנען עדוארד קארפענטער, וועלכער דערצעהלט אין זיין בוך „מיי דעיס ענד דרימס" (מיינע טעג און חלומות), אז יאהרען־לאנג נאך זיין מוטער'ס טויט פלעגט ער זי זעהן און פיהלען הארט לעבען זיך, ווי א האלב־שיינענדע פיגור, זעהר רעאל, נאר מיט נישט־דייטליכע ליניען, גרעסער ווי נארמאל.

* * *

אפט קומט מיר אויס צו הערען אזעלכע טענות:

וואס ווילט איהר מיט די טויטע? לאזט זיי צו־רוה! דאס לעבען איז שעהן, דאס לעבען האט פריידען און פארגעניגענס—טא צוליעב וואס זיך דרעהען ארום קברים?

דאס לעבען האט טויזענטער פראגען, שווערע פראבלעמען, וואס דארפען אנטשיידען ווערען און ווארטען אויף אן ענטפער—טא פארוואס זיך באשעפטיגען מיט דעם פראבלעם פון טויט?

געוועהנליך ענטפער איך אזעלכע:

טאקע דערפאר, וואס דאס לעבען איז שעהן, זוכען מיר דאס לעבען אויך אין טויט.

נאר—ווער זאגט עס, אז מיר גיבען זיך אפ מיט'ן טויט? פאר ספיריטואליסטען עקזיסטירט נישט קיין טויט. מיר אינטערעסירען זיך מיט'ן איביגען לעבען, וואס פליסט אויףביידע זייטען פון אונזער עקזיסטענץ.

מיר זעהען דאס לעבען אומעטום, מיר פיהלען דאס לעבען אומעטום. מיר גלויבען נישט, אז דאס לעבען הערט אויף, אז דאס לעבען שטעלט זיך אפ. מיר זענען דערפאר די לעבעדיגסטע און לעבענסלוסטיגסטע מענשען.

איהר „אינטערעסירט" זיך (כלומרשט) נישט מיט'ן טויט, ווייל איהר האט מורא פאר איהם, ווייל איהר גלויבט אין זיין עקזיסטענץ.

מיר קענען וועגען איהם רוהיג רעדען, דיסקוטירען וועגען איהם און איהם שטודירען, ווייל מיר וו י י ס ע ן, אז דער טויט איז בלויז די בריק, איבער וועלכער מיר געהען אריבער פון לעבען צו לעבען, פון עקזיסטענץ צו עקזיסטענץ.

* * *

עס זענען פאראן פארשידענע מעטאָדען ווי צו קאָמוניקירען מיט דער גייסטער־וועלט: אויטאָמאַטיש האַנט־שרייבען, טראַנס (אַזאַ מין שלאָף־צושטאַנד), דורך אַ טישעל און אַנדערע.

דער סעאַנס מיט'ן טישעל איז זעהר פאָפולער. אָבער נישט אַלע וואָס באַנוצען זיך מיט'ן טישעל, האָבען דערביי די נויטיגע ערנסטע פארהאַלטונג. ביי אַ סך איז עס אַ שפּיעל און זיי באַגרייפען אַליין ניט וואָס זיי טהוען.

נאַטירליך געלינגט עס נישט אַלעמען, אפילו די וואָס האָבען דערצו אַן ערנסטע באַציהונג. עס פאָדערט זיך אַ סך געדולד און גלויבען. אָבער די „קלוגע" לייט שמייכלען: מענשען זאָלען זיך אַזוי נאַריש מאַכען! אין נאָך וועןאין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט!...

קוקט זיך אָבער צו צו פארשידענע ערפינדונגען און אַנטדעקונגען, וועט איהר זעהן אויך וואָס פאַראַ איינפאַכען, כמעט קינדישען אופן עס ווערען דערגרייכט וואונדערליכע רעזולטאַטען. ווייסט איהר די זעהר איינפאַכע קאָמבינאַציע, דורך וועלכער עס באַקומט זיך עלעקטריציטעט — די דאָזיגע וואונדערבאַרע קראַפט? וואָס, צ.ב. קען נאָך זיין איינפאַכער ווי אַ פידעל? אָבער וואָס פאַראַ גרויסאַרטיגע מעלאָדיען אַ יאַשאַ הפין אָדער אַ מישאַ עלמאַן קריגען ארויס פון דער פשוט'ער וויאָלין, פיהרענדיג דעם סמיק איבער די סטרונעס!

די קאָמבינאַציע פון מענשליכע נערוועז מיט'ן פשוט'ן, הילצערן טישעל, אין דעם האַלב־שאַטענדיגען צימער, איז אַן אַנטפּלעקונג פון דעם פאָרט!

אליוּוער לאָדזש'ס פאַמיליע האָט זיך סקעפּטיש באַצויגען צו דער גייסטער־קאָמוניקאַציע. שוין ווען לאָדזש איז געווען אַן איבערצייגטער ספּיריטואַליסט. זיינע אייגענע האָבען אַליין פּראָבירט, אָהן דער הילף פון מעדיומס, טאַקע מיט'ן טישעל, און עס איז זיי געלונגען. מיט דער

ציִיט איז עס בײ דער לאָדזש־פאַמיליע געוואָרען א געוועהנליכע, טאָג־טעגליכע זאַך זיך הינ׳ן טישעל צונויפצורעדען מיט רעימאַנד לאָדזש, וועלכער איז געפאַלען אויף׳ן שלאַכטפעלד בעת דעם גרויסען פעלקער־קריג.

מיט אַנדערע מעטאָדען פון גייסטער־קאָמוניקאַציע וועלען זיך די לעזער באַקענען אין די טיילען פון דעם ווערק, וואו עס ווערען איבער־געגעבען פאַקטען און פראָטאָקאָלען פון סעאַנסען.

א. אַלמי



I

# אומשטערבליכקייט.

דער שווערער קאמף, וואס דער מענש האט פון שטענדיג אן געמווט פיהרען פאר זיינע טאג־טעגליכע באדערפנישען, פאר זיין עקזיסטענץ אויף דער ערד, האט איהם אוועקגעריסען פון די העכערע, גייסטיגע פראבלעמען. אבער נישט אינגאנצען! די אייביגע רעטענישען און סודות, וואס פילען־אן די וועלט האבען געמאטערט דעם מענשענ'ס מח נאך אין די פריהסטע צייטען; אין די פרייע מינוטען פון רוה האט זיך דער מענש באטראכט, נאכגעקוקערט וועגען די וואונדער, וואס רינגלען איהם ארום. איין פראגע נאך דער אנדערער איז געבוירען געווארען אין זיין מח און וואס מעהר ער האט געקלערט, אלץ מעהר און מעהר זענען די פראגען געווארען.

דער פרימיטיווער מענש האט מעהר געזעהן ווי מיר, ווייל ער האט געלעבט מיט דער נאטור, געוועזן א טייל פון איהר; ער האט אויך א בעסערען געהער און א שארפער אויג געהאט. די געהיימע כחות פון דער נאטור האבען איהם געוואונדערט און געשראקען; ער האט די ער־שיינונגען, די „נאטירליכע" און „אומנאטירליכע"—אין דער זין ווי מיר פאסען זיי איצט אויף—געזוכט צו דערקלערען און ער האט זיי דערקלערט אויף אן אופן, וואס האט זיך איהם ווי־ס'איז „געלייגט אויף'ן שכל". מ'מוז דערביי מודה זיין, אז אין ליכט פון די נייעסטע פסיכישע פארשונגען זענען מאנכע אויסטייטשונגען, וואס דער „ווילדער" האט געגעבען אויף דער מיסטעריע פון לעבען, פיל נעהענטער צום אמת ווי, צומביישפיעל, די „וויסענשאפטליכע דערקלערונג" פון א היינטיגען מאטעריאליסט...

פארשטעהט זיך, אז דאס גרעסטע רעטעניש איז פאר'ן מענשען שטענדיג געוועזן דער טויט. דער „ווילדער" האט געזעהן ווי זיין קרוב אדער פריינד איז געבליבען ליגען אומבאוועגליך. אט, נאר־וואס,

איז ער געוועזן גלייך ווי ער, זיך באַוועגט, געגאַנגען, גערעדט, געגעסן— און מיט אַמאָל איז ער געוואָרען ווי די ערד, ווי דער שטיין, שטום, בלינד, טויב. ער האָט זיך געבראַכען דעם קאָפּ צו פאַרשטעהן: וואָס איז דאָס? פאַרוואָס איז דאָס? ווי אַזוי געשעהט דאָס?

דער ציוויליזירטער מענש האָט אויסערליך שלום געמאַכט מיט'ן געדאַנק פון טויט; ס'איז דאָך נאַטירליך: אַ מענש לעבט־אָפּ זיין צייט און שטאַרבט. אָבער וואָס איז נאָכ'ן טויט? וואָס איז אויף יענער זייט שוועל? איז בכלל פאַראַן אַ „יענע זייט"? איז דער קבר דער סוף פון אַלץ? ענדיגט זיך מיט'ן פיזישען טויט די עקזיסטענץ?

פאַרשידענע ענטפערס זיינען אויף דיזאַזיגע פראַגען געגעבען גע־וואָרען, אָבער די מערהייט האָבען נישט צופרידענגעשטעלט. קהלת'עס אורטייל איז אַ קורצער: הבל הבלים, הכל הבל—אַלץ איז נאַריש, זינלאָז, טאָ נאָך וואָס דאַרף גאַנצע האַווען און מיהען זיך? אַ סך גרויסע גייסטער אין אַלע צייטען האָבען אַזוי איינגעזאַפּט דאָס פּראָבלעם פון לעבען און טויט. אָבער נישט אַלע האָבען געקענט אָננעהמען אַזאַ אורטייל, אַן אורטייל, וואָס פיהרט צו נירוואַנאַ. „צופיעל געטליכע חכמה—זאָגט ערגעץ אַ גרויסער דענקער—ווייזט זיך אַרויס אין דער פיזישער, גייסטיגער און מאָראַלער קאָנסטרוקציע פון דעם געוועהנליכען מענשליכען באַשאַפע־ניש, אַז מ'זאָל קענען צולאָזען אַ געדאַנק, אַז ער איז באַשאַפען געוואָרען אָהן וועלכען־ס'איז געטליכען צוועק".

די רעליגיע איז געווען דער איינציגער קוואַל, וואו דער מענש האָט געקענט געפינען טרייסט און האָפנונג אין שאָטען פון טויט, און די רעליגיע איז טאַקע געווען די ערשטע און די איינציגע, וואָס האָט געגעבען אַ צופרידענשטעלענדען ענטפער אויפ'ן גרויסען רעטעניש. פאַר דער רעליגיע איז דער טויט נישט דער ענדליכער סוף פון דעם מענשען'ס „איך", פון זיין אינדיווידועלער עקזיסטענץ, נאָר דער איבער־גאַנג פון איין וועלט אין אַן אַנדערער, צו אַ פיל בעסערער וועלט ווי די ערדישע; צו אַ וועלט, וואו זיין עקזיסטענץ ווערט פאָרטגעזעצט נאָכ'ן פיזישען טויט אויף דר'ערד.

די רעליגיע האָט דעם מענשען געשטעלט אַ מאַסע באַדינגונגען און

נעבּאַטען דורך וועלכע זיך צו פאַרדינען „יענע וועלט‟, און אויב ער וועט דאָס אַלײן נישט אָפּהיטען וועט ער זיך פּרעגלען אין די פײערן פון גיהנום אָדער גאָר רוהלאָז מוזען ארומוואַנגלען אין „עולם התוהו‟, און זײן עקזיסטענץ וועט זײן שרעקליכער ווי אַלע לײדען פון דער ערד צוזאַמענגענומען. די גרויסע רעליגיעזע מאָראַליסטען האָבּען געמוזט שרעקען, כדי די שטראָף זאָל אָפּהאַלטען פון זינד און די מאמינים זאָ־לען פיהרען א זויבער, מאָראַליש לעבען. אָבער אַ סך גאָטספאָרכטיגע לײט האָט די שטענדיגע מורא פאַר זינד געבּראַכט צו רעזיגנאַציע פון דעם ערדישען לעבּען מיט זײנע פרײדען, וואונדערבּאַרע שענקײטען און פאַרגעניגענס; טײל פון זײ זענען דערגאַנגען צו פולשטענדיגען אַסקעטיזם, צו אַבּסאָלוטער אָפּזאָגונג פון לעבענס־גענוסען. דאָס איז זיכער געווען, און איז פון די אַלע, וואָס פּראַקטיצירען דאָס, די שרעקליכסטע זינד קעגען גאָט, קעגען דער שעפּונג, קעגען דעם מענשליכען מין.

אין די לעצטע עטליכע דורות האָט די רעליגיע אײנגעהערט שפּילען איהר גרויסע ראָלע פון אַמאָל, איבּערהויפּט אין אונזער מאַטעריאַליס־טישער צײט. די אויטאָריטעט איהרע איז געפאַלען. דער אַטעאיזם האָט ארומגעכאַפּט גרויסע מאַסען, וועלכע זענען ארויסגעוואַקסען פון די „אָפיציעלע‟ רעליגיעזע צערעמאָניאַלען, און באַפרײענדיג זיך פון דער אָפיציעלער רעליגיע מיט איהרע דאָגמען און געבּאָטען, האָבען זײ אויך ביסלעכווײז פאַרלוירען זײערע רעליגיעזע געפיהלען און געוואָרען גראָב־מאַטעריאַליסטיש. בלויז אײנצעלנע, די אינטעלעקטועל־רײפערע, זענען געבליבען רעליגיעז אין זײער אינערליכען א י ך, פּאָעטיש אָדער פילאָזאָפיש רעליגיעז, אָהן דער אָפיציאַליטעט פון די פאָרגעשריבענע קאָנווענצען.

צוזאַמען מיט די רעליגיעזע געפיהלען איז אין די מענשען אויך אויסגעלאָשען געוואָרען דער גלויבען אין „השארת־הנפש‟, אין דער אומשטערבליכקײט פון דער נשמה, ווי בכלל יעדער „בּרינדער‟ גלויבען. אויבערפלאַכליך הײסט עס, אַז דידאָזיגע אָרט נישט דער געדאַנק פון שטערבליכקײט, פון פאַרניכטונג; אָבער ס'איז גענוג אַביסעל טיפער אַרײנצוקוקען אין זײערע נשמות, צו באַמערקען, אַז אומרוהע נעסטעט

דארט, ווייל קיין זאך, וואס לעבט, וויל ניט אונטערגעהן, און דער געדאנק פון פארניכטונג איז צו שרעקליך, אז וועלכעס־ס'איז לעבעדיגע באשע־פעניש זאל קענען ווערען גלייכגילטיג צו איהם.

דער אטעאיסט איז אין זיין אינערליך וועזען אומרוהיג און הילפ־לאז און דאס הארץ זיינס איז טויב צו דער כלומרשטער גלייכגילטיגקייט איבער דעם אומפארמיידליכען שיקזאל. אבער וואס קען ער זיך העלפען? ער האט דאך קיין אנדער ברירה נישט, אויב ער איז זיכער, אז אומשטערב־ליכקייט איז אוממעגליך, אז גייסט אהן מאטעריע קען נישט עקזיסטי־רען און מיט'ן טויט אויף דר'ערד ענדיגט זיך דאס לעבען.

די טרוקענע מאטעריאליסטישע וויסענשאפט, וואו דער אומרוהיגער גייסט זוכט אן ענטפער אויף די שווערע פראגען, קען איהם נישט צו־פרידענשטעלען מיט איהר קאלטער אנטשיידונג, אז דער מענש איז נישט מעהר ווי מאטעריע און איז אונטערגעווארפען די פיזישע נאטור־געזעצען, אויסער וועלכע ער קען נישט לעבען, און מיט'ן פיזישען טויט ווערט אויפגעלעזט זיין אינדיווידואליטעט, אבער אלס מאטעריע בלייבט ער עקזיסטירען אויף אייביג, ווייל די אטאמען פון דעם צופאלענעם קערפער פאראייניגען זיך מיט די אטאמען פון דעם אוניווערזום, ווערען פארוואנ־דעלט אין אנדערע שטאפען און—דאס איז דעם מענשען'ס אייבינקייט...

נאר דאס איז א טרייסט וואס קען נישט טרייסטען, אן אייביג־קייט'', וואס איז א באליידיגונג פאר דעם שטאלצען, שעפערישען מענש־ליכען באשעפניש, פאר דעם עבען־בילד פון אלמעכטיגען גאט... דער מענש פארשטעהט, און וויל, אונטער אומשטערבליכקייט די אייביגע עקזיסטענץ פון זיין אינדיווידואליטעט, פון זיין באוואוסטזיין; אויב ווידער מיט זיין טויט ווערט זיין „איך'' פארניכטעט, טא וואס פאר אן אומשטערבליכקייט איז עס? דערפאר קען אויך נישט צופרידענשטעלען דער ענטפער פון דער אידעאליסטישער פילאזאפיע, וועלכע אנערקענט אויך א וועלט פון גייסט אויסער דער וועלט פון מאטעריע. די אידעא־ליסטישע פילאזאפיע טרייסט דעם מענש, אז נאך זיין טויט פארשמעלצט זיך זיין גייסט מיט'ן אוניווערזאלען גייסט; די באוואוסטזיינקייט, די

אינדיווידואַליטעט פון גייסט הערט טאַקע אויף, דערפאַר האָט ער די זכיה צו ווערן אַ טראָפּן אין דער נשמה פון קאָסמאָס...

די אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע, ווי די רעליגיע, איז געבויט אויף געפיהלן, אויף גלויבן און סענטימענטן; דער מאַטעריאַליזם דאַגעגן שטיצט זיך אויף פאַקטן, אויף איבערציינגונגען, וואָס ער דערגרייכט דורך וויסענשאַפטליכע עקספּערימענטן. דער מאַטעריאַליסט מעסט דעם וועלטאַל מיט אַן אַרשין און וועגט די שעפונג אויף אַ וואָגשאָל... אָט דאָס —זאָגט ער אייך—זענען די געזעצן פון דער נאַטור. אָבער ווי איז, אַז די אַרשין און די וואָגשאָל זענען נישט די ריכטיגע? אפשר זיינען פאַראַן נאָך קרעפטן און העכערע געזעצן, פון וועלכע די וויסענשאַפט ווייסט נאָך נישט?

דער אומצופרידענער פאָרשער, וואָס האָט נישט געוואָלט—און נישט געקענט—גלאָט גלויבן, און נאָך ווייניגער געקענט ביי זיך פועל'ן צו באַגרענעצן זיך מיט די „פּאָזיטיווע וויסענשאַפטן" פון מאַטעריאַליזם, זיך צו בעשרענקען צו די „געזעצן", וועלכע דער מאַטעריאַליזם האָט פאָרגעשריבן פאַר דער געטליכער שעפונג,—האָט, אומאָפּהענגיג פון גלויבן און פאַראורטייל, געזוכט, זיך פאַר'עקשנ'ט געגריבעלט אין די טראַנסצענדענטאַלע ערשיינונגען פון לעבן, אין דעם ריזיגן פענאָמען פון דער שעפונג. אַזעלכע אומצופרידענע פאָרשער האָבן זיך געפונען בלויז איינצעלנע אין פאַרשידענע לענדער און זייערע פאָרשונגען האָבן, ענדליך, געפיהרט צו דער אַנטדעקונג פון אַ נייער וועלט, אַ וועלט, וועלכע איז נישט אונטערגעוואָרפן די פיזישע געזעצן פון דער מאַטעריע, און וועלכע מאַכט אַן אמת'ע רעוואָלוציע אין די אַזוי־גערופענע וויסענשאַפטליכע אמת'ן.

מיר שטעהן איצט פאַר דער וואונדערליכסטער עפּאָכע אין דער מענשליכער געשיכטע — אַן עפּאָכע, אין וועלכער די פינסטערע וואַנט, וואָס האָט אונז אָפּגעטיילט פון „יענער זייט קבר", וועט זיין אומגעשטיידערט. דאָס, וואָס האָט לאַנגע דורות פאַר די מעהרסטע מענשען אויסגעזעהן אוממעגליך און מיט וועלכען בלויז איינצעלנע האָבן דאָ און דאָרט זיך אָפּגעגעבן, וועט ווערן נאַטירליך פאַר דער גאַנצער מענשהייט. די זעהבאַרע

וועלט וועט שטעהן אין שטענדיגער פארבינדונג מיט דער אומזעהבארער וועלט. דער טויט וועט מעהר ביי קיינעם נישט ארויסרופען קיין שרעק און גרויל. נאר וועט באטראכט ווערען ווי דער איבערגאנג צו אן אנדער וועלט, צו א העכער און שענער לעבען, צו דער אייביגקייט.

די ספיריטואליסטישע וויסענשאפט, מיט וועלכער עס פארנעהמען זיך די גרעסטע וויסענשאפטסלייט, פילאזאפען און פאעטען פון דער היינטיגער צייט, האט דורך א רייה וויסענשאפטליכע עקספערימענטען באוויזען דעם אבסאלוטען אמת פון אלטען גלויבען אין השארת־הנפש; מיט אומבאשטרייטבארע, איבערצייגענדע פאקטען באשטעטיגט זי די עקזיסטענץ פון אן אומזעהבארער, נישט־מאטעריעלער וועלט און **ציינט איבער** אין דער מעגליכקייט צו קאמוניקירען מיט די באוואוינער פון יענער אומזיכטבארער וועלט, מיט די, וועלכע דער טויט האט פון אונז אבגעשיידט. אין די וויסענשאפטליכע לאבאראטאריעס פון די ספיריטואליסטען ווערט דער אלטער אמת פון אומשטערבליכקייט אויף ס'נייע פראקלאמירט און באזירט אויף א רעאלען פונדאמענט.

דער ספיריטואליזם איז נישט קיין רעליגיע, ער שאפט נישט קיין דאגמען און קיין דינים, ער פאדערט נישט פון זיינע אנהענגער קיין „בלינדען" גלויבען, ער זאגט נישט צו דאס גן־עדן און שרעקט נישט מיט'ן גהינום; ער פארעפענטליכט בלויז די רעזולטאטען פון לאנגע יאהרען שטרענג־וויסענשאפטליכע פארשונגען, פון לאנגזאמע, פארזיכטיגע אונטערזוכונגען, און פאר יעדען איינעם בלייבט די פרייהייט נישט צו גלויבען און צו קריטיקירען. דאס איינציגע, וואס די ספיריטואליסטען פארלאנגען איז — אז יעדער סקעפטיקער זאל אליין נאכזוכען, אליין דערגעהן דעם אמת.

דער ספיריטואליזם געהט נישט ארויס פון דער אלגעמיינער וויסענשאפט, נאר איז א צווייג פון איהר, א באזונדער צווייג, און די טיר איז אפען פאר אלע געלערנטע, וואס אינטערעסירען זיך מיט סופראפיזישע פראגען און זוכען דעם אמת. די צאהל פון סקעפטיקער, פון צווייפלער איז נאך גענוג גרויס צווישען די געלערנטע, איבערהויפט, פארשטעהט זיך, פון דער מאטעריאליסטישער שולע, אבער מיט יעדען

יאָהר ווערט גרעסער די צאָהל פון די וויסענשאַפטליים און דענקער, וואָס אַנערקענען דעם ספּיריטואַליזם און שטעלען זיך אין דער רייה פון זיינע אַנהענגער.

דערוויל האָבען די ספּיריטואַליסטען אויסצושטעהן גענוג באַליידי־גונגען, שפּאָט און זאַנאַר פאַרפאָלגונגען פון פאַרשידענע זייטען, ווי די פּיאָנערען פון יעדער נייער באַוועגונג. אָבער זיי טראָגען דאָס געדולדיג אַריבער און געהען ווייטער אָן מיט זייערע פאָרשונגען און עקספּערי־מענטען, וועלכע וואַרפען וואָס ווייטער אַלץ מעהר ליכט אויף די רע־טענישען פון לעבען, אויף די פּסיכישע ערשיינונגען, וועלכע פלעגען אַלעמאָל באַטראַכט ווערען פאַר צופעליגע, דעריקלערט ווערען אַמאָל מיט האַלוצינאַציע און אַן אַנדער מאָל גאָר אָפּגע'פּטר'ט ווערען מיט „ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט“. איצט ווערען די אַלע ערשיינונגען פאָרזיכטיג שטודירט, אונטערזוכט און איינגעטיילט באַזונדער, וואו יעדע ערשיינונג געהערט: אויב עס איז א פאַל פון האַלוצינאַציע, פון אַן אויסדאַכטע־ניש, אָדער די פאַקטען און באַווייזען זיינען נישט גענוג זיכער, ווערען זיי פון די פאָרשער אויסגעבראַקירט. בלויז געקליבענע „איבערנאַטירליכע“ פאַרפאַלען פון טויזענטער, וואָס פּאַסירען אַזוי אָפט איבער דער וועלט, ווערען אָנגענומען און רעקאָרדירט אין די פּראָטאָקאָלען פון די געזעל־שאַפטען פאַר פּסיכישע אונטערזוכונגען — אַזעלכע געפינען זיך איצט כמעט אין אַלע ציוויליזירטע און האַלב־ציוויליזירטע לענדער.

ווען יעדער פון אייך זאָל זיך בעסער צוקוקען צו דער וועלט און צו זיך, צו אַלץ וואָס געהט פאָר ארום אייך, זיך אריינטראַכטען אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויפמישען אין זכרון געוויסע רעטזעלהאַפטע פּאַסי־רונגען און זיך אין זיי פאַרטיפען, זיך פאַרקלערען וועגען מאָדנע זאַכען, וואָס האָבען געטראָפען מיט אייך פּערזענליך, וועגען טייל חלומות און פאַנטאַסטישע ערשיינונגען, וועט פאַר אייך זיכער ערשיינען אַן אומ־פאַרשטענדליכער פענאָמען, אויף וועלכען איהר וועט מוזען זוכען אַן ענטפער אין די ספּיריטואַליסטישע אַנטדעקונגען, אויב איהר זענט ניט פון די „אַלוויסענדע“ וואָס האָבען ליב אַלדינג אוועקצומאַכען מיט דער האַנט אָדער עס שטעמפּלען אַלס „באָבע'מעשה“. נאָך איידער זיי האָבען

פּרובירט וועגען דעם א טראַכט צו טון, נאָר איהר ווילט וויסען, לערנען, פאַרשטעהן זאַכען, וועט איהר דעם ענטפּיצר קריגען, דעם אמת'ן ענטפער.

איך מיין נישט צו זאָגען, אז אלץ, וואָס זעהט אויס פון אויבענאויף „איבערנאַטירליך" איז טאַקי אזוי. אָבער א היבשער פּראָצענט פון די טייזענטער „מאָדנע זאַכען", וואָס פּאַסירען, געהערט זיכער צו די פּסיכי־שע ערשיינונגען, מיט וועלכע די געלערנטע ספּיריטואַליסטען גיבען זיך אָפּ אין זייערע לאַבּאָראַטאָריעס. נישט ווייניג פון די „באָבּע מעשיות" זענען פאַקטען, רעאַליטעטען, און עס ליגט א סך אמת אין טייל נסים, וואָס מ'דערצעהלט זיך אָן פון „זנאַכערס", „גוטע יידען" און „טויטען־פאַרשפּרעכער". די „נסים" קענען דערקלערט ווערען מיט אייגנע פון די פּסיכישע קרעפטען וואָס זיינען איצט באַקאַנט אַלס היפּנאָטיזם, קלערוואַיאַנס, אויטאָמאַטיזם אד"ג.

נישט אלץ איז נאָך דערקלערט, נישט אלץ קען נאָך דערקלערט ווערען: נישט אלע ערשיינונגען פון טראַנסצענדענטאַלען כאַראַקטער זענען שוין אויסגעפאָרשט. ס'איז נאָך דאָ א סך צו זוכען, א סך צו ארבייטען, א סך צו פאַרשטעהן און דאָס, וואָס מ'ווייסט שוין, איז ערשט אַן אָנ־הויב, ווי א טראָפּען אין ים. די געלערנטע ארבייטען אומדערמידליך, מיט געדולד און, ווי געזאָגט, מיט אומגעהייערער פאַרזיכטיגקייט, וויל ווי אויף יעדען געביט, זוכען זיך דאָ אויך אריינצוקריגען שווינדלערס, וועלכע פּרעטענדירען אויף אייסערגעוועהנליכע פּסיכישע פעהיגקייטען. מ'האָט אזוי אויך גענוג אויסצושטעהן פון די „קלוגע", אַלוויסענדע גענ־נער, ביי וועלכע אַלע מעדיומס זיינען שווינדלער... ס'איז גענוג צו דער־מאָנען די טרויעריגע ערפאַרונג, וואָס מאַדאַם פּאַלאַדינא, — די באַ־וואוסטע מעדיום, מיט וועלכע פּראָפ. לאָמבּראָזאָ האָט געמאַכט אזעלכע געלונגענע עקספּערימענטען, — האָט געהאַט בעת איהר וויזיט אין אמעריקע. די רעפּאָרטערס פון דער געלער פּרעסע זענען ארויס מיט א סענסאַציע, אז מ'האָט זי געכאַפּט ביי שווינדעל... די עהרליכע מענשען, וואָס האָבען ביינעוואוינט די סעאַנסען, צווישען זיי אזא באַריהמטער ערנסטער געלערנטער ווי פּראָפ. מינסטערבערג, האָבען דערנאָך אָפּגעלייי־קענט דעם שענדליכען בלבול פון דער סענסאַציאָנעלער פּרעסע און דער־

קלערט, אַז מאַדאַם פּאַלאַדינאַ ס׳עלבע האָט, ווירקליך, באַוויזען וואונדערבאַרע זאַכען, קען אויך קיין פאַל נישט באַשולדיגט ווערען אין אַפּנאַרעריי.

די ספּיריטואַליסטישע געלערנטע זיינען זעהר לאַנגזאַם מיט די פּערזאַנען — מעהרסטענס פרויען, — וועלכע ווייזען־אַרויס סופּראַנאַרמאַלע איינענשאַפטען און נאָר דאַן ווען זיי זענען פולשטענדיג איבערצייגט, אַז זיי האָבען צו טון מיט אַזעלכע, וואָס באַזיצען, ווירקליך, אַ „זעקסטען חוש״, ווערען זיי פאַררעכענט פאַר מעדיומס. פונדעסטוועגען זענען די ספּיריטואַליסטען דערנאָך אויך זעהר און זעהר פאָרזיכטיג מיט די מעדיומס און באַנוצען זיך מיט פאַרשידענע סמנים, כדי צו זיין זיכער, אַז די ידיעות, וואָס די מעדיומס גיבען זיי איבער אין נאָמען פון גייסטער, בעת די סעאַנסען, קומען טאַקע פון אַן אַנדער וועלט און נישט פון מעדיום׳ס פאַנטאַזיע. איבערהויפּט היט מען זיך פאַר דער טעלעפּאַטיע — דער כח צו לעזען יענעמס געדאַנקען, וואָס איינינע באַזיצען און וואָס כמעט אַלע מענשען פאַרמאָגען מעהר־ווייניגער. אויב טייל מיטטיילונגען פון די גייסטער־ספערען קענען פון סקעפּטיקער דערקלערט ווערען מיט טעלעפּאַטיע, זענען אָבער די מעהרסטע ערפאַהרונגען פון גייסטער־קאָמוניקאַציע פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז זיי קענען בשום־אופן נישט אויסגעטייטשט ווערען מיט טעלעפּאַטיע. די פאַקטען, וועלכע כ׳וועל שפּעטער ברענגען, וועלען דאָס קלאָר באַווייזען.

נישט אַלץ, וואָס די מעדיומס גיבען־איבער אין נאָמען פון גייסטער, מעג נאָך אָנגענומען ווערען. מעגליך, אַז נים ווייניג ווערט צוגעמישט דעם מעדיום׳ס פאַנטאַזיע, אומבאַוואוסט פאַר איהם, אָדער איהר, אַליין. סער אָליווער לאָדזש אַליין, נאָך פרעדריק מייערס׳ן דער קאָפּ פון דער ספּיריטואַליסטישער וויסענשאַפט אין לאַנדאָן, פאָרזיצער פון דער ענגלישער געזעלשאַפט פאַר פּסיכישער פאָרשונג, באַמערקט וועגען איינינע איינצעלהייטען אין די מיטטיילונגען, וואָס ער האָט דורך אַ מעדיום, פרוי לעאָנאַרד, באַקומען פון זיין פאַרשטאָרבענעם זוהן, ריימאָנד, אַז זיי זיינען אַבסורדען. אָבער, איינענטליך, ווער קען וויסען? לאָדזש׳ן קלינגען אַבסורד יענע דעטאַלען אין די ידיעות פון דער גייסטער־וועלט.

ווייל זיי זעהען־אוים שוין צו רעאל, צו ערדיש... נאר ווער קען באהויפטען, אז עס איז נישט אזוי, איבערהויפט אין די נידעריגערע גייסטערספערען? אין די מיטטיילונגען וועגען דעם לעבען אין די גייסטערספערען ביי אנדערע אויטאריטעטען ווי דזשעקסאן־דייוויס, דזש ארטור היל, וויליאם סטעד און פיעל אנדערע, געפינט מען אויך עהנליכע דעטאלען, פון דעם סארט, וועלכע אליווער לאדזש באטראכט פאר אבסורדען. די הויפט־זאך איז יעדענפאלס אויב די אלע ערשיינונגען, וואס זעהען אוים אומפארשטענדליך, ווערען פאראורזאכט פון גייסטער, אויב מיר האבען דא צוטון מיט אן אינטעליגענטער, באוואוסטזיניגער קראפט און אויב ס'איז מעגליך צו קאמוניקירען מיט די פארשטארבענע — און דאס איז באוויזען מיט אייזערנע פאקטען. אין דעם זענען אלע ספּיריטואליסטישע געלערנטע פאלקאם איבערצייגט און איינשטימיג.

ס'איז מעהר ווי נאטירליך, אז אין אזא אויסערגעוועהנליכער פארבינדונג, אין אזא טונקעלער קאמוניקאציע צווישען דער מאטעריעלער וועלט און דער אומזיכטבארער וועלט זאלען פארקומען פארפלאנטערונגען און פארדרעהענישען. אין דער צוקונפט וועלען מסתמא געפינען ווערען מיטלען פאר א בעסערער און קלארערער קאמוניקאציע; אויף דעם שטרענגען זיך אן די וויסענשאפטליכע פארשער פון ספּיריטואליזם.



II

# די גרויסע מיסטעריע.

די מאטעריאליסטישע וויסענשאפט האט איינגעשפאנט אונזער וועלט אין דעם גאנצען אוניווערזום איז געזעצען, וואס „ליגען זיך אײפ'ן שכל". אבער וואס ווייטער טרעפט זי זיך אן מיט ערשיינונגען און קרעפטען אין דער נאטור, וועלכע שטימען אבסאלוט נישט מיט די דאזיגע געזעצען און לאזען זיך אין זיי נישט איינשפאנען. מ'גיט זיך נאך ווי עס איז אן עצה מיט עלעקטריציטעט, מיט ראדיום... אבער שווערער איז שוין, כמעט אוממעגליך, צו דערקלערען אויף א ריין מאטעריאליסטישען אופן דעם היפנאטיזם, מיט וועלכען איין מענש קען איבערזיין ווילען און איינפלוס אויפ'ן צווייטען. נאך א שווערער פראבלעם איז פאר די מאטעריאליסטען — טעלעפאטיע. מיט וועלכען פיזישען געזעץ קען דער מאטעריאליזם „בארעכטיגען" די קראפט אדער איינגעשאפט, וואס איז באקאנט אלס טעלעקענעזיס? איהר זעהט א פערזאן, וואס איז באגאבט מיט דערדאזיגער פסיכישער קראפט, ווי ער הויבט למשל, אויף א שווערען טיש — בלויז מיט'ן געדאנק, מיט'ן ווילען, אהן וועלכער ס'איז פיזישער באריהרונג; ס'איז דאך נישט מעגליך צוצושרייבען צו די געזעצען פון דער פיזיק אן ערשיינונג, וואס ווערט פאראורזאכט אהן פיזישער אנווענדונג! און וואס איז מיט אזעלכע פסיכישע כחות ווי טעלעסטעזיע *) אדער קלערוואיאנס (העלזעהונג) **) און וועלכע קענען אויך נישט געפינען קיין דערקלערונג אין די פיזישע געזעצען?

---

*) עמפינדונג פון ווייטענס, ווען א היפנאטיזירטע פערזאן פיהלט וועהטאג בעת מ'שטעכט וועלכע'ס'איז זאך, וואס ער האט פריהער באריהרט.

**) דאס זעהן מענשען אדער זאכען, אהן די פיזישע אויגען, אפט אויף טויזענטער מיילען ווייט.

איך רעד דא בלויז פון דעמאנסטרירטע און פיל מאל עקספערימענטירטע פסיכישע כחות און נישט פון היפאטעזעס און טעאריעס; אין זייער עקזיסטענץ האבען זיך איבערצייגט באקעמפער פון ספיריטואליזם פונקט ווי ספיריטואליסטען. טייל מאטעריאליסטען ווילען זיי דערקלערען מיט'ן שכל, אנדערע הייסען אפווארטען און אייניגע האבען זיי שוין אנגענומען, פונקט ווי זיי זענען געצוואונגען געווען אנצונעהמען דעם היפנאטיזם און ווילען די דאזיגע סופרא־פיזישע קרעפטען אויסנוצען אלס וואפען קעגען ספיריטואליזם, זוכענדיג צו דערקלערען די גייסטער־ערשיינונגען מיט איינע פון די אויסגערעכענטע כחות, נאך איידער זיי ווייסען וואס די כחות אליין זענען...

אבער די אלע פסיכישע קרעפטען און ערשיינונגען זענען פונקט אין געגענזאץ צו דער מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויאונג און באווייזען, אז דער מענש געהערט צו צוויי וועלטען: א מאטעריעלע און א גייסטיגע; די מאטעריאליסטען גלויבען נישט אין וואונדער. אבער דאס גאנצע לעבען אונזערס איז דאך איין גרויס וואונדער. וואונדער איז אלץ, וואס רינגעלט אונז ארום; וואונדער איז איבער אונז און אונטער אונז — טא ווער קען פארניכפטיג זאגען: ביז אהער וואונדער און ווייטער נישט! ווער איז אימשטאנד אנצעווייזען די גרענעץ, וואו דאס וואונדער ענדיגט זיך? ווער קען ערנסט באהויפטען, אז ער ווייס וואס ס'איז יא מעגליך און וואס ס'איז נישט מעגליך?

וואס טיפער מיר דרינגען אריין אין די רעטענישען פון לעבען, וואס מעהר מיר פארטיפען זיך אין די סודות פון דער שעפונג, אלץ וואונדערבארער און אומפארשטענדליכער ערשיינט פאר אונז די וועלט און די עקזיסטענץ, אלץ געהיימניספולער ווערען מיר פאר זיך אליין. וואס איז דאס לעבען פונ'ם מענש? וואס איז דאס לעבען פון אן איינפאך בלימעל? מ'האט פראבירט פראדוצירען א בלום אויף א כעמישען אופן, נעמאכט עס גענוי, צוזאמענגעשטעלט די שטאפען, וועלכע א בלום אנטהאלט. אבער ארויס איז א טויטע זאך, א בלום אין אויסזעהן נאר אהן דופט, אהן וועלכען ס'איז צייכען פון לעבען. דאס לעבען איז א

וויטאַלע ערשיינונג, און זיין שורש איז אין א העכערער, אונמאַטעריעלער קראַפט. אויב אזוי, פאַרוואָס זאָל לעבען נישט מעגליך זיין אומאָפּהענגיג פון מאַטעריע? פאַרוואָס זאָל דאָס לעבען נישט קענען אַנטאַלטען גאַבדעם ווי דער קערפּער איז טויט?

אז דאָס איז יאָ מעגליך, באווייזען די פאַקטען, וואָס די פּסיכישע פאָרשונגען האָבען אַרויסגעבראַכט. היפּנאָטיזם, טעלעפּאַטיע, מעלעקערנעזיס און די אַנדערע פּסיכישע כחות זענען א באַשטעטיגונג דערפון; די ערשיינונג פון דער צוטיילפאָרער פּערזענליכקייט, ווען איין מענש ווערט אין איין צייט געזעהן אין צוויי באַזונדערע פּלעצער, אין דופּליקאַט, אָדער די פאַקטען וועגען דער טאָפּעלטער פּערזענליכקייט, וועלכע דר. פּיער זשאַנע און דר. מאָרטאָן פּרינס ברענגען אַרויס: למשל, דער פאַל מיט א געוויסער פרייליין ביטשאַם, וועגען וועלכער דר. פּרינס דערצעהלט אין זיין בוך „די דיססאָסיאיישאָן און ע פּערסאָנאַליטי", אז אין איהר לעבען דריי באַזונדערע פּערזענליכקייטען (דבוקים), וואָס דערוואַכען אונטער היפּנאָז, און די צעהנדליגער פאַקטען וועגען דבוקים, וואָס זענען באַקאַנט צום ברייטען פּובליקום, — שטרייכען נאָך שטאַרקער אונטער די וויטאַליטעט פון לעבען, די אומאָפּהענגיגקייט פון גייסט.

„כעמישע און פיזישע געזעצען, — באַמערקט ארטור היל אין זיין גלענצענדער אָפּהאַנדלונג איבער „פאָרשונג און רעליגיע" („ביי־קיקאַל אינוועסטיגיישאָנס" ז. 279), — דערקלערען נישט דעם מענש; ער איז אונטערגעוואָרפען א העכערער מאַכט; דער מענש דערקלערט נישט גאַט: ער קען בלויז פאַנטאַזירען וועגען איהם": „דער קלענערער קען נישט תופס זיין דעם גרעסערען". איטליכער מענש, וואָס אינטערעסירט זיך מיט די העכערע פראַגען פון דער עקזיסטענץ, אַזעלכער, וואָס האָט זיך נאָך נישט אליין געבונדען מיט וועלכער־ס'איז דאָגמע, וועט מוזען מודה זיין, אז היל איז גערעכט. מאַטעריע איז א טייל פון מענש, דער אומוויכטיגערער טייל, די הויפּט־זאַך איז דער גייסט, די נשמה, וועלכע איז געווען פאַר דער מאַטעריע און בלייבט ווען די מאַטעריע פאַלט־פאַנאַנדער.

וועלען דערקלערען דעם מענש בלויז דורך די געזעצען פון דער מאטעריע, מיט די געזעצען פון דער כעמיע און פיזיק, איז אומזיז.

איך וואלט געקענט ברענגען צענדליגער פאקטען פון היפנאטיזם, פון טעלעפאטיע, פון די אנדערע פסיכישע קרעפטען, פון פארשידענע „מעדיום"-ערשיינונגען און פיל מיסטעריעז, וועלכע זענען נאך אומ־פארשטענדליך, אבער דאס איז א באזונדערע טעמע און איך וויל דא אויסשליסליך רעדען וועגען ספיריטואליזם. וועגען לעבען נאכ'ן טויט און וועגען גייסטער־קאמוניקאציע איבערהויפט. די אלע געהיימע ערשיי־נונגען, וואס האבען געפיהרט צום ספיריטואליזם, זענען אן ענין, — א ריזיגער, קאמפליצירטער ענין, פאר זיך. איך האב נאר פארביי־געהענדיג געוואלט אנווייזען אויף דער מיסטעריע פון לעבען, אויף דעם סוד פון דער מענשליכער פערזענליכקייט און דער אומאפהענגיגקייט פון גייסט, אלס צופיהר צום עיקר פון דעמדאזיגען בוך און, אגב, אויך אלס ארגו־מענט געגען דער מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויאונג.

אפילו די גרעסטע סקעפטיקער און באשטרייטער פון ספיריטואליזם גיבען איצט צו, אז דער געדאנק קען אננעהמען אביעקטיווע פארמען און ערפילען פאר אונז שליחות'ן אויף ווייטע שטרעקעס — איז דאס נישט א שטארקער באווייז פאר דער עקזיסטענץ פון אן א נישט־מאטעריעלער וועלט, פאר דער פארטזעצונג פון לעבען נאכדעם ווי דער ערדישער קער־פער שטארבט? די ערפארונגען, וואס די ספיריטואליסטען האבען ארויס־געטראגען פון הונדערטער סעאנסען מיט מעדיומס, זענען, ווי שוין אין אנהויב געזאגט, די זיכערסטע באשטעטיגונג פאר דער עקזיסטענץ נאכ'ן טויט. נאך א רייהע יאהרען פארשונגען און אונטערזוכונגען אויף דעם געביט, רופט אויס סער אליווער לאדזש: „איך בין אזוי איבערצייגט אין דער פארטזעצונג פון דער עקזיסטענץ אויף דער אנדערער זייט פון טויט, ווי איך בין אין דער עקזיסטענץ דא" („ריימאנד, אר דעטה ענד לייף"). צו אזא שלוס קומט אויך דער פריהער דערמאנטער געלערנטער ארטור היל: „די פארטזעצונג פון דער עקזיסטענץ נאכ'ן טויט, — זאגט ער אין זיין בוך „פייקיקאל אינוועסטיגיישאנס" („פסיכישע אינטערזו־

כונגען״), — איז באוויזען אויף וויפיל באוויז איז מעגליך״. צו דער זעלבער איבערצייגונג זענען געקומען פרעדריק מייערס, דער פארשטארבענער גרויסער ענגלישער פאעט, פילאזאף און וויסענשאפטליכער פארשער; וויליאם סטעד, דער באקאנטער שריפטשטעלער, וועלכער איז דערטרונקען געווארען מיט דער „טיטאניק״; פראפ. וויליאם דזשיימס, וועמעס נאמען רופט ארויס רעספעקט אין דער גאנצער וויסענשאפטליכער וועלט; סער קאנאן דאיל און פיל אנדערע. אזעלכע נעמען ווי פראפ. לאמבראזא, הענרי בערגסאן, מאריס מעטערלינג, פלאמאריאן און נאך פיל גרויסע פערזענליכקייטען, וואס זענען געשטאנען אדער שטעהען נאהענט צום ספיריטואליזם, האבען זיכער אויך עפעס צו זאגען...

נאטירליך פאר'ן ערנסט רעליגיעז־גלויבינגען מענש איז נישט נויטיג ערשט צו באווייזען די עקזיסטענץ נאכ'ן טויט; ער פאדערט נישט קיין באוויז — ער גלויבט! ער באצאהלט דעם פרייז פאר „יענער וועלט״. אפהיטענדיג געהארכזאם אלע פארגעשריבענע דאגמען און געבאטען. ווי ס'זאל נישט זיין און ווי מיר זאלען נישט קוקען אויף אזא מאמין, מוזען מיר מודה זיין, אז ער ווייסט מעהר ווי דער מאטעריאליסט. וואס פארשט און זוכט און וועגט און מעסט. דער גלויבינגער איז זיכער אין א לעבען נאכ'ן טויט ווי א סער אליווער לאדזש, וועלכער איז געקומען צו דעם גלויבען דורך וויסענשאפטליכע עקספערימענטען. „איך פיהל דאס אייבינע לעבען״ — האט געזאגט דער גרויסער אמעריקאנישער דיכטער וואלט וויטמאן; און א סך מענשען פיהלען עס — אינסטינקטיוו, אפילו ווען זיי זענען נישט רעליגיעז און האבען נישט פאר זיך קיין וויסענשאפטליכע באשטעטיגונג, — ווי האט וויקטאר הוגא געזאגט: „דער קלענסטער אינסטינקט איז גרעסער פון גרעסטען פארשטאנד״.

אבער, געוועהנליך האבען די מעהרסטע מענשען נישט קיין סך צוטרוי צום אינסטינקט, צו די „בלינדע געפיהלען״. פאר אזעלכע, אויב זיי זענען אומגלויבינגע, — און אזוינע ווי געזאגט, — זענען אין די לעצטע יאהרען פאראן גענוג און גענוג, אפשר מעהר ווי גלויבינגע, —

ברענגט דער ספּיריטואַליזם אַ קוואַל פון וויסען, און אוצר פון געדאַנקען און אַ שטראָם פון ליכט. דער ספּיריטואַליזם וועט אויך, נאַטירליך, אויפהאַלטען און פאַרשטאַרקען די רעליגיעס, וועלכע אויסאַרימעט איז אַזוי שטאַרק געפאַלען, כאָטש דער ספּיריטואַליזם איז אין פיל איינצעלהייטען אין ווידערשפּרוך צו דער אָדער יענער רעליגיע, אָבער טרעפט זיך צונויף מיט די מעהרסטע פון זיי אין דער איבערצייגונג פון אַ לעבען נאָכ'ן טויט און עקזיסטענץ פון העכערע וועזענס — ביי דער רעליגיע דורך גלויבען און ביים ספּיריטואַליזם דורך פאָרשונג. אויסערדעם איז נישט אויסגעשלאָסען די מעגליכקייט, אַז דער ספּיריטואַליזם זאָל אין דער צוקונפט נישט ברענגען צו דער אַנטשטעהונג פון אַ נייער רעליגיע, אַ אַלוועלטליכע און אַלמענשליכע רעליגיע, אָדער זיך אַליין אין אַזאַ רעליגיע פאַרוואַנדלען. די עקזיסטירענדע רעליגיעס, ווי זיי זענען איצט, מיט זייער שווערען דאָגמאַטיזם, מיט זייערע געגענזעצליכע טענדענצען, וועלען אפשר מוזען אָפּטרעטען דעם פּלאַץ פאַר אַן אַלמענשליכער רעליגיע, וועלכע וועט פאַראייניגען אַלע ראַסען און פעלקער אונטער איין גרויסען אמת.

די רעליגיעזע זייט פון ספּיריטואַליזם און זיינע פּערספּעקטיווען אַלס וועלטליכע רעליגיע, זענען אַ טעמא פאַר אַ באַזונדערער אָפּהאַנדלונג. דאָ וויל איך נאָך רעדען וועגען דער וויסענשאַפטליכקייט פון דער ספּיריטואַליסטישער לעהרע, און איידער איך געה־איבער צו די פאַרשידענע סעאַנסען מיט מעדיומס, זיך אָפּשטעלען אויף דער טענה פון מאַנכע, אַז מ'קען נישט ריידען וועגען ספּיריטואַליזם ווי וועגען אַ וויסענשאַפט, ווייל די וויסענשאַפט גיט זיך אָפּ מיט מאַטעריע, מיט שטאָף, מיט דער אָרגאַנישער וועלט, און דער ספּיריטואַליזם האָט צו טון מיט נישט־אָרגאַנישע קרעפטען, וועלכע קענען נישט וויסענשאַפטליך אַנאַליזירט ווערען און מיט אומזיכטבאַרע וועזענס, איבער וועלכע ס'איז אוממעגליך צו רעאַגירען. די טענה איז נישט קיין אויסגעהאַלטענע שוין צוליעב דעם אַליין, וואָס זי טייטשט־אויס פאַלש דעם ספּיריטואַליזם, ווייל אויב אַפילו די וועזענס זענען אומזעהבאַר, זענען אָבער זעהבאַר

זייערע ווירקונגען אוּן די ערשיינונגען, וואָס זיי פאַראורזאַכען. דערצו זענען די „אומזעהבאַרע וועזענס" אין פיל פאַלען י א זעהבאַר. אליווער לאָדזש, וועלכער איז אַליין א פיזיקער, א זייל פון דער מאָדער־נער וויסענשאַפט, גיט די־אָזינגע א קורצען וויסענשאַפטליכען ענטפער: ער זאָגט:

„א פיזיקער איז קיינמאָל נישט באַשרענקט צו דירעקטע שכל'־דיגע אימפּרעסיעס. ער דאַרף צו טהון האָבען מיט א סך באַגריפען און זאַכען, פאַר וועלכע ער האָט נישט קיין פיזישען אָרגאַן; די דינאַמישע טעאָריע פון היץ, צומביישפּיל, און פון גאַזען, די טעאָריעס פון עלעקטריציטעט, פון מאַגנעטיזם, פון כעמישער פאַרוואַנדשאַפט, פון קאָהעזיע (דער פּראָצעס פון צוזאַמענהאַלטונג) און זיין אויפפאַסונג פון עטער אַליין, פיהרען איהם אריין אין געביטען, וואו זעהן, הערען און אַנטאַפּען זענען אומפּאַסענט אַלס דירעקטע עדות און וואו זיי זענען מעהר נישט קיין זיכערע פיהרער. אין אַזעלכע געביטען מוז אַלדינג פאָרמיטיטשט ווערען אין אומעמפּפינדליכע, נישט־סובסטאַנציעלע טער־מינען און אין א געוויסען זין מוז אַנגעווענדעט ווערען די פאַנטאַזיע".

„די נישט־מאַטעריעלע וועזענס פון א פיזיקער'ס קאָנצעפּציע, — זאָגט ווייטער לאָדזש, — ווערען שטופענווייז אַזוי רעאַל און ממשות'דיג ווי סיי־וועלכע זאַך, וואָס ער ווייסט. לאָרד קעלווין פלעגט זאָגען, ווען ער איז געוועזען פּאַראַדאָקסיש געשטימט, אז מיר ווייסען מעהר וועגען עלעקטריציטעט ווי וועגען שטאָף".

„די וויסענשאַפט, זאָגט דערזעלבער געלערנטער אין אן אנדער פלאַץ, טאָר נישט זיין דאָגמאַטיש". די וויסענשאַפט דאַרף שטענדיג זיין גרייט אויפצונעהמען נייע אמת'ן און ווען נויטיג, פאַרוואַרפען אַלטע. ליידער איז די וויסענשאַפט אין א געוויסען זין יאָ דאָגמאַטיש און ליידט פון פאָראורטיילען. דער מאַטעריאַליזם איז קאָנסערוואַטיוו און באַגרענעצט אין זיינע אויפפאַסונגען און דערפאַר זיין מיסטרויאישע באַציהונג צום ספּיריטואַליזם. אָבער, ווי כ'האָב שוין פריהער דערמאָנט, נעהען וואָס ווייטער אַלץ מעהר וויסענשאַפטסלייט איבער צום ספּירי־

טואַליזם און מיר מעגען דערוואַרטען, אַז די צייט ווען דער ספּיריטואַליזם וועט ווערען אַן אַלגעמיין אָנערקענטע, „לעגאַלע" וויסענשאַפֿט, איז שוין נישט ווייט. נאָר ביז דאָס וועט געשעהן וועלען נאָך אַ סך „אמת'ן" און „געזעצען" פֿון דער מאַטעריאַליסטישער וויסענשאַפֿט פֿאַנאַנדערפֿאַלען און עס וועט ווערען אַ פֿאַראייניגונג פֿון וויסענשאַפֿט און טעאָזאָפֿיע, פֿון לאַבאָראַטאָריע־פֿאָרשונג און רעליגיע.

דער ספּיריטואַליזם עפֿענט נייע האָריזאָנטען פֿאַר וויסענשאַפֿט און רעליגיע, פֿאַר די באַציהונגען צווישען מענש און מענש און גאָט, צווישען ראַסע און ראַסע, פֿאָלק און פֿאָלק. ער ברענגט אַ נייע ליכט פֿאַר דעם איינצעלנעם און פֿאַר דעם כּלל, אַ נייע וועלט־אַנשויאונג. אַ נייע פֿאַרשטענדניש פֿון דער וועלט און פֿון לעבען, אַ זין פֿאַר דער עקזיסטענץ. דער מענש, האָבענדיג דעם באַוואוסטזיין, אַז זיין לעבען איז נישט ווינט און רויך, אָהן האַפֿט, נ אָ ר  א י י ב י ג, פֿיהלט זיך חשובֿ'ער, וויכטיגער, מעכטיגער און גליקליכער. געשטיצט אויף די ערפֿאַהרונגען פֿון ספּיריטואַליזם הייבט זיך אָן צו שאַפֿען אַ לעהרע וועגען דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פֿון דעם מענשליכען באַשעפֿעניש, אַן עוואָלוציאָנס־לעהרע. אַ „גייסטיגער דאַרוויניזם", — וואָלט איך עס אָנרופֿען, — וועגען דער ספּיריטואַלער אַנטשטעהונג און אַנטוויקלונג פֿון דעם מענש. דעם אָנהויב דערצו האָט געמאַכט פֿרעדריק מייערס אין זיין גרויס ווערק „יומען פּערסאָנאַליטי ענד איט'ס סורווייוועל אָוו דעטה", אין וועלכען ער אַנטוויקעלט אַזוי גלענצענד, אַזוי מייסטערהאַפֿט זיין לעהרע, וועלכע איז באַקאַנט געוואָרען אַלס די „סובּלימינאַלע פּסיכאָלאָגיע".

ווי דאַרווין אין דער אָרגאַנישער וועלט, זעהט פֿרעדריק מייערס אין דער נישט־אָרגאַנישער, אין דער סופּראַ־פֿיזישער וועלט, אַ שטופֿענווייזע אַנטוויקלונג פֿון נידעריגער צו העכער. דאָס גאַנצע מענשליכע באַוואוסטזיין מיט אַלע זיינע פֿאַרצווייגונגען האָט זיך, לויט מייערס'ן, אַנטוויקעלט שטופֿע נאָך שטופֿע, אין פֿאַרלויף פֿון דער אָרגאַנישער עוואָלוציע אויף דער ערד, אין קאַמף פֿאַר'ן מענשענ'ס עקזיסטענץ.

אָבער אונזער באַוואוסטזיין בעת דער עקזיסטענץ אויף דער ערד, וועלכעס מייערס רופֿט סופּראַ־לימינאַל, — דאָס באַוואוסטזיין פֿון דער

זייט שוועל, — איז נאר א קליינער טראפּען פון דעם גרויסען באוואוסט־זיין, וואס איז אויף יענער זייט שוועל — דער סובלימינאל, פון וואנען דער מענש ציהט זיין גאנצע גייסטיגע יניקה בעת זיין ערדיש לעבען. אלע גייסטיגע כחות, וואס מיר באזיצען, אלע אידעען, עמפּינ־דונגען קומען פון סובלימינאל: טאלאנט, געניע, ליבע, „איבערנאטירליכע" איינגעשאפּטען, ווי היפּנאטיזם, טעלעפּאטיע אד"ג. קומען אויך פון יענעם גרויסען גייסטיגען קוואל, וועלכע דערגרייכען אונז דורך וועלען, וואס ציהט זיך פון סובלימינאל צום סופּרא־לימינאל. צום איינעם דערגרייכט מעהר איינפלוס פון „יענער זייט שוועל" און צום אנדערען ווייניגער: צו מאנכע טראגט זיך פון דארט אריבער א גרויסע כוואליע, אבער נישט צו אלעמען קומט עס אן כשורה: ברענגט עס איינעם צו גאונות און א צווייטען צו משוגעת — געניאליטעט און משוגעת גרענעצען זיך. אויך כאמענטאלע איבערבריכען ווי ישרעק, היסטעריע אד"ג. קומען פון אונזער גרעסערער באוואוסטזיניגקייט אויף „יענער זייט שוועל".

נאטירליך איז מיר דא אוממעגליך איבערצוגעבען באריכות די גאנצע גרויסארטיגע, פילאזאפיש־וויסענשאפטליכע אידעע, וועלכע פ. מייערס וויקעלט־פאנאנדער און זיין גרויס ווערק; ס'מיינט נישט, אז מ'דארף זיין לעהרע אננעהמען פאר א תורה. מעגליך, אז די ווייטערדיגע אנט־וויקלונג פון דער ספּיריטואליסטיישער וויסענשאפט וועט ארויסברענגען אן אנדער אידעע וועגען דער ספּיריטואלער אנטשטעהונג פון דעם מענש־ליכען מין. אבער דערווייל איז מייערס' לעהרע א נעוואגטער פארזוך און א וואונדערבארע דערקלעהרונג פאר דער גרויסען מיסטעריע פון מענשליכען גייסט.

III

# טעלעפּאַטיע און גייסטער-קאָמוניקאַציע

איך וויל איצטער איבערגעהן צו די ספּיריטואַליסטישע עקספּערימענטען און ערפאַרונגען און איך קום קודם צו דער פראַגע: פון וואַנען מיר קענען זיכער זיין, אז דאָס, וואָס דער מעדיום גיט אונז איבער אין נאָמען פון גייסטער, איז טאַקע פון גייסטער דיקטירט און ניט קיין טעלעפּאַטישע ידיעות, וואָס דער מעדיום לעזט פון אונזער באַוואוסטזיינ'ס ארכיוועז: די פראַגע ריהרט־אָן די אַלגעמיינע מיסטעריעזע באַציהונג פון די סקעפּטיקער צו דער גייסטער־קאָמוניקאַציע, און איך וויל דערפאַר צו דעם צוטרעטען מיט וויליאַם סטעד'ס א משל, וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, זעהר געלונגען.

ווען קריסטאָפער קאָלומבוס, --- זאָגט סטעד, — וואָלט נאָכ'ן אַנטדעקען אַמעריקע דערזעהן, אז צוריקפאָהרען קיין אייראָפּע איז אוממעגליך, און ער וואָלט דאָרט געבליבען, וואָלט אין א צייט אַרום אין אייראָפּע באַשלאָסען געוואָרען, אז ער איז פאַרפאַלען געוואָרען אין א ים, וואָס האָט נישט קיין ווייטערן וועג. ווען אַנדערע רייזענדער וואָלטען זיך דערנאָך אַוועקגעלאָזט אין דערזעלבער ריכטונג און זיך אויך נישט צוריקגעקעהרט, וואָלט דערדאָזיגער באַשלוס פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אן אַבסאָלוטער זיכערקייט. איצט וואָלט קאָלומבוס און די שפּעטערע רייזענדער געמעגט דאָרט לעבען און גרינדען א נייע נאַציע אויפ'ן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ס'וואָלט זיי אוממעגליך געווען איבערצוציינגען די אייראָפּעער אין דער פאָרטזעצונג פון זייער עקזיסטענץ. אייראָפּע וואָלט באַטיטעלט אַמעריקע אַלס „דאָס נישט־אַנטדעקטע לאַנד פון וועמעס גרענעץ קיין רייזענדער קעהרט זיך נישט אום", און די קרובים און פריינד פון די רייזענדער וואָלטען באַוויינט די בראַווע, וואָס זיינען אַוועק אָבער נישט צוריקגעקומען.

איצט לאָמיר זיך איבערטראַגען פון קאָלומבוס'עס צייט צו אונזער

צייט. מיר מוזען אננעהמען, אז די פיזישע אוממעגליכקייט אריבערצו־פאהרען דעם ים פון אמעריקע קיין איירָאפּע, וואס האט דאמאלט עקזיס־טירט, עקזיסטירט נאך אויך אצונד. אין פארלויף פון הורות האבען די מענשען, וואס זענען אריבער אהין, זיך פיעל פארמעהרט, אויפגעבויט א גרויסע נאציע מיט אן אייגענארטיגער ציוויליזאציע; פונקט ווי מיר, איירָאפּעער, האבען זיי דאָרט אנטדעקט טעלעגראפיע, איינגעפיהרט טעלעפאן און אין א צייט ארום דראטלאזען טעלעגראף, דערנאך אויך א דראטלאז טעלעפאן־סיסטעם.

פון צייט־צו־צייט וואלטען נאך מוטיגע רייזענדער אונטערגענומען רייזעס צו יענעם געהיימניספולען לאנד און אנקומענדיג אהין וואלטען זיי, צו זייער איבערראשונג, אנטדעקט א גרויסע רעפובליק. אויסגעפי־נענדיג, אז זיך צוריקצוקעהרען קיין איירָאפּע איז פאר זיי אוממעגליך, וועלען זיי זוכען זיך צו שטעלען אין פארבינדונג מיט איירָאפּע דורך דער הילף פון דראטלאזען טעלעגראף. זייערע ערשטע פארזוכען וועלען, לאמיר זאגען, דורכפאלען. אבער ענדליך וועט א ידיעה פון אמעריקע איבערגעכאפּט ווערען פון א מארקאני־סטאנציע אויף אן איירָאפּעאישען ים־ברעג.

ווי וועט אזא ידיעה אויפגענומען ווערען? מיר ווערען זיך איבער־לאכען און אנדערע וועלען דערקלערען, אז מסתמא איז די ידיעה ארויס־געשיקט געווארען פון ערגעץ א געגענד אין איירָאפּע גופא. אזוי וועט אריבער א צייט און פּראָבען צו קאמוניקירען וועלען זיך נישט איינגעבען. ענדליך וועט איינעם א שיפסקאפּיטאן פון די יעצט־אריבערגעקומענע פון איירָאפּע, געלינגען אריבערצושיקען א ידיעה, אדרעסירט צו זיין שיפס־קאמפּאניע, מיט אזא אינהאלט:

„פון קאפּיטאן סמיט פון דער דאמפשיף „רעסאלוט“. צו לאנדאן. לעבעדיג און געזונט. אנטדעקט א נייע וועלט, באפעלקערט מיט די דורות, וואס שטאמען פון קאלומבוס'ן און זיינע מענשען.“

די ידיעה וועט ארויסרופען א סענסאציע. אנשטרענגונגען צו דער־גרייכען דאס אומבאקאנטע לאנד וועלען זיך באגיין. אבער די מאיא־

ריטעט פון די פראקטישע, שכל'דיגע מענשען פון דער וועלט וועט באַטראכטען די טעלעגראפישע נייעס פון „יענער זייט" פאַר אַ שפאַס, ווייל וויסענשאפטליכקייט וועלען באַווייזען, צו זייער אייגענער צופרידענ־קייט, די אבסאלוטע אוממעגליכקייט, אַז וועלכע ס'איז נייע וועלט זאָל ערגעץ עקזיסטירען.

אָבער אין אַ צייט ארום וועלען מעהר ידיעות אָנקומען פון דער אומבאַקאַנטער וועלט. ס'וועט דורכגעפיהרט ווערען אַ געוויסע מעטאָדע פון קאָמוניקאַציע. מ'וועט שיקען אָנפראַגען, און ענטפערס וועלען צוריק־קומען. ענדליך וועט די וויסענשאַפט מוזען אנערקענען דעם פאַקט, אַז איבער'ן אטלאנטיק עקזיסטירט אַ וועלט און מיט דער הילף פון פונקען טעלעגראף איז מעגליך מיט איהר צו קאָמוניקירען.

אַזאַ אַלגעמיינע אַנערקענונג, איז כטעד און אַלע ספּיריטואַליסטען זיכער, וועט מיט דער צייט קריגען דער ספּיריטואַליזם.

דערווייל פאַדערען די סקעפּטיקער און די „אַלוויסענדע" מאַטע־ריאַליסטען מעהר און מעהר זיכערע באַווייזען; איבערהויפּט פאַרלאַנגען דאָס די טעלעפּאַטיסטען, וועמעס וויכטיגסטער טעאָרעטיקער איז סער ריי לאַנקעסטער, וועלכע ווילען דוקא, ווי געזאָגט, די גייסטער־קאָמוניקאַציע דערקלערען מיט טעלעפּאַטיע, מיט דער קראַפט, וואָס איז, ווי די אַנדערע פּסיכישע קרעפטען, וועלכע איך האָב דערמאַנט, אַ באַווייז פאַר דער אומאָפּהענגיגקייט פון גייסט, פאַר דער מעכטיגקייט פון אונזער באַוואוסטזיין און דער מיסטעריע פון לעבען.

אָבער אין ליכט פון מעהרערע ספּיריטואַליסטישע ערפאַרונגען און עקספּערימענטען פאַלט־פאַנאַנדער די גאַנצע טעלעפּאַטישע טעאָריע בנוגע דעם ספּיריטואַליזם.

לאָמיר זעהן: דער מעדיום זאָגט אייך, אַז ער זעהט אייערן אַ פאַר־שטאָרבענעם קרוב, גיט אייך דערביי אַ באַשרייבונג וועגען זיין אויס־זעהן און אַלס סימן דערמאָנט ער אייך — אין גייסט'ס נאָמען — אַ פּאַרפּאַל, כצענע אָדער שמועס, וועגען וועלכע ס'קענען וויסען בלויז איהר און אייער פערשטאָרבענער קרוב. פאַר'ן טעלעפּאַטיסט איז דאָס

נישט נעגוג; דער מעדיום, זאגט ער, האט עס „איבערגעכאפט‟ (אט ווי א דראטלאזער טעלעגראף־אפאראט כאפט־איבער א פונקען־טעלעגראמע) פון אייער באוואוסטזיין, אדער „אונטערבאוואוסטזיין‟; דאס בילד פון אייער קרוב און דער שמועס, וואס איהר האט אמאל געהאט מיט איהם, זענען געלעגען אין אייער מח'ס ארכיוועז און פון דארט האט עס דער מעדיום איבערגענומען.

דא קען מען דעם טעלעפאטיסט גלייך שטעלען אזא פראגע: פאר־וואס האט זיך פאר'ן מעדיום אנטפלעקט גראד די געשטאלט פון א גע־שטארבענעם קרוב, פון וועמעס טויט ער האט אפילו קיין אהנונג נישט געהאט, און נישט פון א לעבעדיגען? יעדער מענש זוינט טאג־טעגליך אריין אין זיך איינדרוקען, בילדער און סצענעס; דער מח ארבייט אהן אויפהער, געדאנקען און געפיהלען ווערען געבוירען און פארשווינדען און נייע ווערען געבוירען; מ'קומט אין בארירונג מיט פארשידענע מענשען, פריינד און פיינד, גוטע און שלעכטע, און אלע איינדרוקען, פנים'ער, שמועסען און איבערלעבונגען פרעסען זיך אפ איז באוואוסטזיין — אין דעם מה'כ ארכיוו. טא פארוואס, אז איהר קומט צו א מעדיום, וועלכער קען אייך אפילו נישט, האט אייך קיינמאל נישט געזעהן, ווייסט נישט אייער פארגאנגענהייט און געגענווארט — זעהט ער און הערט דוקא איינעם, וואס איז שוין געשטארבען און פון וועלכען איהר האט שוין לאנג ניט געטראכט?

אויב טעלעפאטיע איז די דערקלערונג פאר'ן מעדיומ'ס ידיעות, וואלט דאך דער מעדיום געדארפט „איבערכאפען‟ א לעבעדיגען קרוב, אדער א פרישע סצענע, צי פארפאל, וואס ליגט נאך פון אויבענאויף אין אייער זכרון. איז דער פאקט, וואס דער מעדיום גיט אייך א גרוס דוקא פון א פערשטארבענעם, אפט אזעלכען, וועלכען איהר האט שוין פארגעסען און דערצעהלט אייך וועגען א פאסירונג, אויף וועלכע איהר מוזט שטארק אנשטרענגען דעם זכרון זיך צו דערמאנען, נישט דער בעסטער באוויז, אז דער מעדיום לייענט עס נישט פון אייער געדע־בעניש, נאר אנטפלעקט פאר אייך געשטאלטען און בילדער פון דער

אומזיכטבארע וועלט? דאס איז די איינציגע ריכטיגע דערקלערונג, און די טעלעפאטיכטען האבען קיין ענטפערס ניט אויף אזעלכע פראגען.

אלע אויסערגעוועהנליכע ערשיינונגען און קרעפטען זענען איינצלנע, טיילווייזע ווירקונגען פון מענשען׳ס גייסט, פון דעם באוואוסטזיין, וואס איז אומאפהענגיג פון פליישיגען קערפער און וועלכער בלייבט לעבען נאכדעם ווי דאס שטיק ערדישע מאטעריע, אין וועלכער די נשמה איז איינגעפאסט אין דער ערשטער עקזיסטענץ, שטארבט און פאלט פאנאנדער. אנגעהמען פאר פאקטען די ווירקונגען פון גייסט און פארווארפען דעם עיקר פון איהם — זיין באזונדערקייט און אפטיילבארקייט פון קערפער פארטצוזעצען די עקזיסטענץ אהן איהם — האט דעם זעלבען זין ווי אננעהמען די ווירקונג, וואס די זון האט אויף דער ערד, און אפלייקענען די זון אליין, אדער באהויפטען, אז די זון קען אויסער אונזער ערד, צי אהן איהר, נישט עקזיסטירען...

ווי וועט דער טעלעפאטיסט דערקלערען מיט טעלעפאטיע א פאל, ווען דער מעדיום קריגט א גרוס פון א פארשטארבענעם נישט פאר דעם סוביעקט, וואס איז געקומען צו איהם נאך א ידיעה פון זיינעם א קרוב, נאר גאר פאר דעם לעצטענ׳ס א באקאנטען, וועלכען איז דערביי נישטא, פון א פערשטארבענער פערזאן, וועלכען ער האט קיינמאל נישט געקענט? כ׳הייסט אין אנדערע ווערטער, אז דער פארשטארבענער, ווייסענדיג אדער פיהלענדיג, אז דער סוביעקט איז באקאנט מיט איינעם, מיט וועלכען ער איז געווען באפריינדעט, בעט ער איהם, דורכ׳ן מעדיום, ער זאל יענעם צו וויסען טון אדער איהם בעטען אהערקומען. אזעלכע פאלען, וועלכע טרעפען נישט זעלטען, קענען דאך זיכער נישט דערקלערט ווערען מיט טעלעפאטיע.

איניגע מעדיומס ריידען אדער שרייבען אין „טראנס" — אין באוואוסטלאזען אדער האלב־באוואוסטלאזען צושטאנד — שפראכען, אויף וועלכע זיי קענען קיין בוכשטאב נישט אנשרייבען און קיין זילבע נישט אויסריידען אין נארמאלען צושטאנד. צי דער פאל מיט א זעכצעהןיעהריג שול־מיידעל וועלכע שרייבט שלאפענדיג מוזיקאלישע קאמפא־

זיציעס, באמיש וואבערהייט קען זי קיין נאט נישט לעזען, שוין אפגע־רעדט פון אנשרייבען.

מיט די דאזיגע פאקטען, וועלכע קענען אויף קיין פאל נישט פאר־טייטשט ווערען מיט טעלעפאטיע, האב איך שוין געקענט פארטיג זיין מיט די טעלעפאטיכטען. אבער כ'מהו צוליב די סקעפטיקער, וועלכע וועלען זיך זיכער נענוג געפינען צווישען די לעזער, און וועל ברענגען נאך איניגע פאקטען, מיט'ן אויסשליסליכען מיין צו באווייזען דעם אומזין פון טעלעפאטיע (בנוגע גייסטער־קאמוניקאציע), מיט וועלכער מאטעריאליסטען־אטעאיסטען ווילען ראטעווען זייער פאזיציע.

פון א היבשער צאהל אזעלכע פאקטען קליב איך אויס עטליכע, דערצעהלט פון וויליאם סטעד, סער אליווער לאדזש און דזשיי. ארטור היל. כ'הויב־אן מיט סטעד'ן.

סטעד איז געווען געבענשט מיט אן אויטאמאטיש־שרייבענדער האנט, און אז זיין האנט נארט איהם נישט האט ער — און ארע, וואס האבען איהם געקענט — זיך איבערצייגט פון די ידיעות, וואס זיין האנט האט איבערגענומען און אויפגעשריבען פון זיינע לעבעדיגע פריינד. בריעף פון די גייסטער־ספערען האט ער אנגעהויבען „איבערנעהמען'' פיל שפעטער, נאכן צופעליג, בלויז אלס פראבע, און ער איז אין דעם געווען ערפאלגרייך. אבער פריהער וועגען זיינער אן ערפאהרונג מיט א לעבע־דיגער פערזאן, אלס אילוסטראציע, וואס וועט קלאהר מאכען די אויטא־מאטיישע קראפט פון זיין האנט.

סטעד'ס א פריינדין, וועלכע איז אויף עטליכע טעג אוועקגעפאהרען קיין הייזלסמיער, א דערפיל, דרייסיג מייל פון לאנדאן, האט איהם צוגע־זאגט, אז מיטוואך וועט זי עסען מיט איהם צוזאמען, אויב זי וועט דאן צוריק זיין אין שטאדט (אין לאנדאן). מאנטאג, שפעט נאכמיטאג, האט סטעד געוואלט וויסען אויב זיין פריינדין האט שוין פארלאזט דאס דערפיל און אנשטעלענדיג זיין פען אויף פאפיר, האט ער אין געדאנק זי נעפרעגט אויב זי האט זיך צוריקגעקעהרט קיין לאנדאן. זיין האנט האט אנגעשריבען דאס פאלגענדע:

„איך באדויער זעהר, אייך צו זאגען, אז איך האב געהאט זעהר א פיינליכע ערפארונג, פון וועלכע איך שעהם זיך נאך צו ריידען. איך האב פארלאזט היילסמער זייגער 2.27 נאכמיטאג אין א צווייט־קלאסיגען וואגאן, וואו ס'זיינען אויסער מיר געווען צוויי דאמען און א הער. ווען די באהן האט זיך אפגעשטעלט ביי גאַ־ראלמינג, זענען די דאמען ארויסגעשטיגען און איך בין געבליבען אליין מיט'ן הער. נאכדעם ווי די באהן האט אנגעהויבען געהן, האט ער פארלאזט זיין פלאץ און צוגעגאנגען נאהענט צו מיר. איך בין געווען צושראקען און האב איהם אפגעשטופט; ער האט זיך אפגעזאגט אוועקצוגעהן און מיך פרובירט קושען. איך האב מיך אנגעצונדען פון צארן, ער האט מיט מיר געקעמפט. איך האב געכאפט זיין שירם און איהם געשלאגען, אבער דער שירם האט זיך צובראכען און איך האב אנגעהויבען מורא קריגען, אז ער וועט מיך באהערשען. ווען די באהן האט אנגעהויבען צו געהן לאנג־זאם פאר דער סטאנציע גילדפארד, האט ער מורא באקומען, האט מיך צורוה געלאזט, און איידער די באהן האט געגרייכט דעם פלאטפארם, איז ער ארויסגעשפרונגען און אנטלאפען. איך בין געוועזן זעהר צומישט, אבער איך האב דעם שירם."

סטער האט געשיקט צו איהר זיין סעקרעטאר מיט א בריוועל, אויס־דריקענדיג זיין מיטגעפיהל און דערביי זי געבעטען מיטצוברענגען איהר אנגרייפער'ס שירם. זי האט איהם געענטפערט: „איך בין זעהר גע־קרענקט, וואס איהר ווייסט וועגען דעם. איך האב געהאט אפגעמאכט ביי זיך דאס קיינעם נישט צו דערצעהלען, כ'וועל מיט זיך ברענגען דעם צובראכענעם שירם. אבער ס'איז געווען מיין שירם און נישט זיינצ־".

ביז זיי געשטארבענע האט ער, ווי געזאגט, אנגעהויבען „איבער־געבייגי" צופעליג, פאר א פראבע. סטער דערצעהלט וועגען דעם: ער האט געקענט צוויי מיידלאך, פריינדינס, וועלכע זענען געווען צוגעבונדען זיינע צו די אנדערע ווי שוועסטער, און זיי האבען זיך פייערליך צו־

געזאָגט: ווער פון זיי ס'וועט פריהער שטאַרבען, זאָל זיך באַווייזען צו דער לעבען־געבליבענער, כדי צו דעמאָנסטרירען פאַר איהר די רעאַליטעט פון דער וועלט אויף דער אַנדערער זייט פון קבר. איינע פון זיי, דזשוליאַ, איז אין אַ קורצער צייט שפּעטער געשטאָרבען אין באָסטאָן. אין עט־ליכע וואָכען אַרום האָט די פאַרשטאָרבענע איבערגעוועקט פון שלאָף איהר פריינדין, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אין שיקאַגאָ, און דזשוליאַ האָט אויסגעזעהן זעהר צופרידען. מיט איינינע מאָנאַטען שפּעטער איז דזשוליאַ'ס פריינדין געקומען קיין ענגלאַנד און זיך באַזעצט אין איסט־נאָרקעסל, מערב ענגלאַנד, וואו סטעד איז דאַמאָלסט געוועזען. דזשוליאַ האָט זיך נאָכאַמאָל צו איהר באַוויזען, דאָסמאָל איידער די פריינדין האָט זיך נאָך געלעגט שלאָפען, בעת זי איז געווען פולשטענדיג וואַך.

די פריילין האָט סטעד'ן דערצעהלט וועגען דער ערשיינונג און איהם געפרעגט אויב ער קען פון דזשוליאַ'ן קריגען אַ שריפטליכע ידיעה. ער האָט צוגעזאָגט צו פּרובירען, און צו מאָרגענס, ווען ער איז געווען אַליין אין זיין צימער, האָט זיין האַנט אָנגעשריבען: „זאָג איהר זי זאָל געדענקען, וואָס איך האָב איהר געזאָגט ווען מיר זענען דאָס לעצטע מאָל געקומען צו מינערוואַ". סטעד האָט — אין גדאַנק — פּראָטעסטירט, דערקלערענדיג די ווערטער פאַר אַבסורד, און ער איז געווען אַזוי אַנטוישט אַז ער האָט אַ שטיק צייט זיך אָפּגעזאָגט איבערצוגעבען דזשוליאַ'ס פריינדין דעם גרוס. אָבער, ענדליך, האָט סטעד איהר דערצעהלט וועגען דעם און דאָס מיידעל האָט איבעראַשט אויסגערופען: „האָט זי ווירקליך, דאָס געשריבען: דאַן איז עס דזשוליאַ אַליין, קיין צווייפעל נישט!" ווי קומט איהר צו מינערוואַ? (אַ נאָמען פון אַ געטין) — האָט סטעד נישט געקענט באַנשטעהן, און דאָס מיידעל האָט איהם דערצעהלט, אַז קורץ פאַר'ן טויט האָט דזשוליאַ באַטיטעלט מיט'ן נאָמען „מינערוואַ" דער פריילין ווילאַרד, די גרינדערין פון דעם „פרויען'ס טעמפּעראַנץ פאַרבאַנד" און איהר געגעבען אַ בראָש, אויף וועלכען ס'איז געווען אויסגעקריצט דער מיטאָלאָגישער נאָמען. פון דאַמאָלט אָן האָט זי דער פריילין ווילאַרד נישט אַנדערש גערופען ווי „מינערוואַ".

סטעד האָט פּרובירט קריגען נאָך מיטטיילונגען פון דזשוליאַ'ן און,

ווי די מעהרסטע ספּיריטואַליסטען פיהרען זיך, קודם געגומען סמנים, גראַד קליינינקייטען, פון וועלכע נישט ער אליין און נישט קיין אַנדערע, אויסער די פאַרשטאָרבענע און איהר נאָהענטסטער פריינד קענען וויסען, צו זיין זיכער, אַז דער גרוס אָדער ידיעה קומט אין אמת'ן פון „יענער זייט", פון אַ געשטאָרבענעם פּערזאָן.

איינמאַל שרייבט סטעד'ס האַנט: „פרעג זי אויב זי קען זיך דער־מאָנען ווען מיר זענען צוזאַמען אהיים געגאַנגען און זי איז געפאַלען און זיך צוקלאַפּט דעם רוקען־ביין". סטעד האָט, איבערגעבענדיג דעם סימן צו דזשוליא'ס פריינדין, באַמערקט: „איך האָב קיינמאַל נישט געוואוסט, אַז איהר האָט איבערגעלעבט אזא פאַרפאַל". אָבער יענע האָט געלייקענט, אַז מיט איהר זאָל האָבען ווען אַזעלכעס פּאַסירט; סטעד האָט דאַן שפּאַסענד פּראָטעסטירט: „שען! איך פרעג דיך וועגען איינעם פון די טויזענטער קליינע פאַרפאַלען, וואָס איהר ביידע האָט געמוזט דורכמאַכען, און דו שרייבסט וואָס ס'האָט קיינמאַל נישט געטראָפען!" אויגענבליקליך האָט זיין האַנט געשריבען אַן ענטפער: „איך בין אַבסאָלוט גערעכט; זי האָט פאַרגעסען". סטעד פרעגט, אויב זי קען איהר פריינדין דאָס צוריק ארויפברענגען אויף'ן זכרון. „יאָ" — שרייבט זיין האַנט אויטאָמאַטיש; „ווען איז דאָס געווען?" „זיבען יאָהר צוריק"; „וואו איז דאָס געווען?" „אין סטריטאַר, אין איליניאַי": „ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט?" „זי און איך זע'מיר אין אַ שבת נאָכמיטאָג אהיים געגאַנגען פון קאָנטאָר. ס'איז געווען אָנגעשנייט. בעת מיר זענען געקומען אַנט־קעגען פרוי בול'ס הויז האָט זי פאַרטשעפּעט איהר פוס, געפאַלען און זיך צוקלאַפּט די פּלייצע".

סטעד האָט דאָס איבערגעלייענט פאַר דזשוליא'ס פריינדין און יענע האָט אויסגערופען: „אַ, דאָס מיינסטו, דזשוליא! איך געדענק עס איצט זעהר גוט. איך בין געלעגען צוזאַמען צוויי אָדער דריי טעג מיט אַ צו־קלאַפּטער פּלייצע, אָבער איך האָב קיינמאַל נישט געוואוסט, אַז מיין רוקען־ביין איז געווען פאַרוואונדעט".

נאָך אַ מאָל:

מיט יאָהרען צוריק איז צווישען סטעד'ס אָנגעשטעלטע געוועזן א פרויזיין ע. מ. יעדער א פעריגע אוי באַלאַם געזונטע, אָבער איהר אומבאַשטימטער טעמפּעראַמענט האָט זי געמאַכט אונדערטרעגליך, און איינמאָל, אין א יאַנואַר, ווען סטעד האָט ערנסט געטראַכט וועגען שיידען זיך מיט איהר, האָט דזשוליא, מיט זיין האַנט, געשריבען: זיי זעהר געדולדיג מיט ע. מ. זי קומט אריבער אויף אונזער זייט נאָך פאר דער ענד פון יאהר". סטעד איז געווען פאַרוואונדערט, ווייל די פריילין האָט נישט אויסגעזעהן צו האַלטען פאר'ן טויט, און ער האָט וועגען דעם קיינעם נישט דערצעהלט.

די וואָרנונג האָט די „טויטע" דזשוליאַ איבערגעחזרט אין פעברואר, מערץ, אַפּריל, מאַי און יוני. אין יולי איז ע. מ. געפערליך קראַנק געוואָרען אויף אַפּענדעציטיס (אַנצינדונג אויף דער בלינדער קישקע). די צוויי דאָקטוירים, וואָס האָבען זי באַהאַנדעלט, האָבען איהר אָפּגעזאָגט דאָס לעבען, און סטעד האָט דאַן דזשוליא'ן געפרעגט: „איך גלויב, אַז דאָס איז עס, וואָס דו האָסט פאָראויסגעזאָגט". צו זיין איבעראַשונג איז געקומען דער ענטפער: „ניין, ס'וועט איהר בעסער ווערען. אָבער אַלצאיינס, זי וועט אריבער צו אונז איידער דאָס יאָהר וועט זיך ענדיגען". ע. מ. איז באַלד געזונט געוואָרען און זיך גענומען צו איהר שטענדיגער באַשעפטיגונג.

אין אויגוסט, אין סעפּטעמבער, אין אָקטאָבער און אין נאָוועמבער איז די וואָרנונג וועגען איהר טויט בסדר — דורך זיין האַנט — ווידערהאָלט געוואָרען. אין דעצעמבער איז פריילין ע. מ. אַוועקגעפאַלען אויף אינפלוענציע. „אַלזאָ, דאָס איז עס, וואָס דו האָסט פאָראויסגעזאָגט?" האָט סטעד באַמערקט און איז ווידער ערשטוינט געוואָרען פון דעם ענטפער: „ניין, זי וועט נישט אריבערקומען אויף א נאָרמאַלען אופן". ס'איז געקומען ניי־יאָהר־צייט. ע. מ. איז געווען זעהר קראַנק, אָבער דאָס אַלטע יאָהר איז אריבער און זי האָט נאָך געלעבט. „דו זעהסט, האָבסט געמאַכט א טעות!" האָט שפּעטער גערעדט צו דזשוליא'ן אין געדאַנק,

און זי האָט מיט זיין האַנט אָנגעשריבען: „איך קען זיין נישט ריכטיג מיט עטליכע טעג, אָבער וואָס איך זאָג איז אמת".

ארום דעם 10־טען יאַנואַר האָט דזשוליא איהם געשריבען: „זעה מאָרגען ע. מ. זיי צו איהר צערטליך. מאַך אַלע נויטיגע פּאָרבּאַריי־טונגען. וועכט זי מעהר קיינמאָל נישט זעהן אויף דער ערד. סטעד איז אוועק זי זעהן; זי האָט געהאַט פיבער און דערוואַרט מ'זאָל איהר איבּער־פיהרען אין שפּיטאָל. די גאַנצע צייט, וואָס סטעד האָט מיט איהר פאַר־בראַכט, האָט זי געפרעגט וועגען איהרע פרענער, ווען זי וועט זיך אומקערען צו דער אַרבּייט, און סטעד האָט, געזעגענענדיג זיך מיט איהר, געטראַכט, אויב דזשוליא איז זיך ווידער נישט טועה... נאָר אין צוויי טעג אַרום האָט ער דערהאַלטען אַ טעלעגראַם מיט דער מיטטיילונג, אַז ע. מ. האָט זיך אַרויסגעוואָרפען פון אַ פענסטער פון פערטען שטאָק און מ'האָט זי אויפגעהויבען אַ טויטע.

איז מעגליך די געבּראַכטע פאַקטען צו דערקלערען מיט טעלעפּאַטיע? — אוממעגליך! אין ערשטען פאַל איז דזשוליא'ס פריינדין נישט גע־ווען דאָבּיי און סטעד האָט דערפאַר נישט געקענט — באַוואוסט אָדער אומבּאַוואוסט — „איבּערנעמען" איהרע ערינערונגען. אין די ווייטערע פאַלען איז געפיהרט געוואָרען אַ מין קרייץ־פאַרהער פון קורצע, אָפּגע־האַקטע פראַגען און ענטפערס, וועלכע לאָזען קיין צווייפעל נישט, אַז סטעד'ס האַנט איז דיקטירט געוואָרען פון אַן אינטעליגענטער, באַוואוסט־זיניגער פערזענליכקייט — פון דער געשטאָרבּענער דזשוליא'ן. די פּראָרויסזאָגונגען וועגען פרייליין ע. מ. קענען אודאי און אודאי נישט פאַרטייטשט ווערען מיט דער טעלעפּאַטישער טעאָריע. קענען פאַר־אויסזאָגונגען אין פּאַראויסזעהונגען — און אַזעלכע זענען נישט זעלטען! — זענען די טעלעפּאַטיקער אַבּסאָלוט הילפלאָז. דער „טעלעפּאַטישער אַפּאַראַט" — לאָמיר עס פאַר באַקוועמליכקייט אַזוי רופען — קען דאָך נאָר „איבּערבאַפּען" ידיעות וועגען געשעהענע זאַכען אָדער וועגען אַזעלכע זאַכען, וואָס האַלטען ערשט אין געשעהן — פון נישט געשעהענע איז

אפגערערט! דאָס נייסט־פּאָסירטע ליגט דאָך נאָך נישט אין קיינעמ'ס באוואוסטזיין אָדער אונטערבאוואוסטזיין.

נאָך מעהר: מענשען מיט ליכטיגע אויגען, מעדיומס' וואָס קענען אויך זעהן די גייסטער־וועזענס, אַזעלכע, וואָס האָבען דזשוליא'ן קיינמאָל נישט געקענט, אפילו נים געוואוסט פון איהר עקזיסטענץ, — האָבען געשילדערט דזשוליא'ן שטעהענדיג לעבען סטעד'ן בעת זיין האַנט האָט אויטאָמאטיש געשריבען איהרע גרוסען און מיטטיילונגען; איינינע פון זיי האָבען אפילו אנגערופען איהר נאָמען. זייערע שילדערונגען פון איהר אויסזעהן זענען געווען פולשטענדיג ריכטיג און גענוי.

סטעד דערצעהלט אויך אינטערעסאַנטע פאקטען וועגען גייסטער־פאָטאָגראַפיע. איין פאַל פון צעהנדלינגע וועל איך דאָ ברענגען:

צווישען סטעד'ס פריינד אין לאָנדאָן איז געווען אַן אַלטער פאָטאָגראַפיסט, א מעדיום מיט ליכטיגע אויגען: ער האָט געזעהן די גייסטער. איינמאָל, — ס'איז געווען בעת'ן בורען־קריג, — האָט זיך צו איהם באוויזען א בור מיט א מוראדיג אויסזעהן. בשעת סטעד'ס אַ וויזיט אין דעם אַלטען'ס פאָטאָגראַפישער אַנשטאַלט, האָט זיך דער בור נאָכאמאָל צו איהם באוויזען, ער איז אריינגעקומען צוזאמען מיט סטעד'ן, מיט א מילדער אויסזעהן ווי דאָס ערשטע מאָל. סטעד האָט גאָרנישט געזעהן און ער האָט געבעטען דעם אַלטען פאָטאָגראַפיסט ער זאָל פּרובירען די ערשיינונג פאָטאָגראַפירען, נאָר פריהער פרעגען זיין נאָמען.

— ער זאָגט, אז זיין נאָמען איז פּיעט באָטאַ! — האָט דער פאָטאָגראַפיסט געמאָלדען.

סטעד האָט זיך געוואונדערט: „פּיעט באָטאָ? איך ווייס פיליפּ, לואיס, כרים, און איך געדענק נישט וויפיעל נאָך אנדערע באָטאָס. אָבער פּיעט האָב איך קיינמאָל נישט געהערט".

אויף דער פאָטאָגראַפיע איז ארויסגעקומען א פעסט־געבויטער, הויכער מאַן מיט'ן אויסזעהן פון א בור אָדער מוזשיק, שטעהענדיג לעבען סטעד'ן.

נאָכ'ן בורען־קריג, ווען דער בארימטער גענעראַל באָטא איז געקומען קיין לאָנדאָן, האָט סטעד אוועקגעשיקט די פאָטאָגראַפיע צו ה'

פישער, וועלכער איז געווען פרעמיער־מיניסטער פון דעם פרייען אראנזש־שטאט. צוזאמענגענומען איז ה' וועסעלס, אן אנדער פריישטאאטער מיניסטער, געקומען צו סטעד'ן און איהם געפרעגט:

— וואו האט איהר באקומען די פאטאגראפיע, וואס איהר האט געשיקט צו פישער'ן?

סטעד האט עס איהם אויספיהרליך דערקלערט.

וועסעלס האט געשאקעלט מיט'ן קאפ: „איך האלט נישט פון אבער־גלויבען. דערצעהלט מיר ווי־אזוי איהר האט באקומען דעם פארטרעט? יענע פערזאן (אויף דער פאטאגראפיע) האט נישט געקענט וויליאם סטעד'ן, ער איז קיינמאל נישט געווען אין ענגלאנד".

סטעד פארזיכערט איהם: „איך האב אייך געזאגט ווי־אזוי איך האב די פאטאגראפיע געקריגען און איהר מעגט מיר נישט גלויבען, אויב איהר ווילט. אבער פארוואס זענט איהר אזוי צוטראגען?"

און וועסעלס דערקלעהרט איהם: „די פערזאן איז געווען מיינער א נאהענטער קרוב. ער איז דער ערשטער בורען־קאמאנדיר, וואס איז גע־פאלען אין דער שלאכט ביי קימבערלי".

— איז ער, ווירקליך, טויט? ווי האט ער געהייסען?

— פיעטרוס יאהאנעס באטא. נאר מיר פלעגען איהם שטענדיג רופען פארקירצט פיעט באטא.

אז ס'איז מעגליך צו פאטאגראפירען גייסטער איז קיין נייעס נישט. פיל אנדערע האט זיך דאס איינגעגעבען; דער באקאנטער וויסענ־שאפטסמאן ה' קערינגטאן דערצעהלט אין דער ביילאגע פון דער ניו־יארקער „וואירלד", פון דעם 31טען אויגוסט, 1919, וועגען א וואשינג־טאנער פרוי, מאדאם דיז באנט לי, א נישט־פראפעסיאנעלע מעדיום, וועלכע האט אין פארלויף פון יאהרען אויסגעגעבען גרויסע געלט־סומען אויף אזעלכע עקספערימענטען. זי טוט עס אויף אזא אופן: זי לייגט־צו א פאטאגראפישע פלאטע צום שטערן און האלטענדיג עס אזוי א פופצעהן־צוואנציג מינוט, איז דער סעאנס געענדיגט; זי גיט דאן אוועק די פלאטע צו א פאטאגראפיסט אויסצוארבייטען; אויף איין פאטא־

גראַפיע איז דייטליך אַרויסגעקוקט דאָס בילד פון אַ פאַרשטאָרבענעם וואַשינגטאָנער דאָקטאָר, אַרומגערינגעלט מיט מיסטעריעזע, שווימענדע פיגורען, — אויך אַ בילד פון איהרען אַ פאַרשטאָרבענעם פריינד.

הער און מאַדאַם פלאַהיק פון מאַהאַוואַ, מינעסאָטאַ (פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע) מאַכען עקספּערימענטען אויף דעם געביט מיט אַ געוועהנליכער פאָטאָגראַפישער קאַמערא, ווי דער דערמאָנטער לאָנ־דאָנער פאָטאָגראַפיסט. סטעד'ס פריינד: זייערע פּראָבען צו פאָטאָ־גראַפירען אומזעהבארע געשטאַלטען האָט זיך זייער ערפאָלגרייך איינגע־געבען און עס איז זיי אויך געלונגען „אַראָפּצוכאַפּען" אויף אַ בילד די מיסטעריעזע ראַדיאַציע, די געהיימע אויסשטראַלונג, וואָס קומט־אַרויס פון זייערע קערפּערס, ווי פון יעדען מענשליכער קערפּער.

אויף דעם מיסטעריעזען ליכט, וואָס שטראַלט־אַרויס פון יעדען מענש און וועלכעס איז אומזעהבאַר פאַר'ן פּיזיישען אויג, האָבען שוין אָנגעוויזען אַזעלכע געלערנטע ווי דר. בּראַדוק און דאַרגע פון פּאַריז, דר. י. אָשאַראַוויטש פון וואַרשע, פּראָפעסאָר טאַקאַראַי פון טאָקיאָ'ער אוני־ווערזיטעט, דר. שרענק־נאָציג פון מינכען און אַנדערע, וועלכע האָבען זייערע עקספּערימענטען געמאַכט מיט דער הילף פון פאָטאָגראַפישע פּלאַטען. לויט דער היפּאָטעזע פון אייניגע ספּיריטואַליסטען זאָלען אַט די אויסשטראַלונגען דאָס זיין די וועלען, וועלכע פאַראייניגען דעם סוב־ליִמינאַר מיט'ן סופּראַ־ליִמינאַל. אויך וועלכע מ'טראַגען זיך איבער שטימונגען, געפיהלען, געדאַנקען אַד"ג. פון „יענער זייט" אַהער און פון דאַנען אַ ה י ן.

פאָטאָגראַפיעס פון געשטאָרבענע, ווי די פון וואַשינגטאָנער דאָקטאָר און פון בורען־קאָמאַנדיר באָטאַ קענען, נאַטירליך, אויך נישט אַריינ־געפּאַסט ווערען אין די ראַמען פון טעלעפּאַטיע צו דערזעלבער קאַטע־גאָריע פאַקטען, פאַר וועלכע אַ דערקלערונג מיט טעלעפּאַטיע איז אומ־מעגליך. געהערען אויך די פאָלגענדע:

ארטור היל דערצעהלט:

בּיי אַ זיצונג, וואָס ער האָט געהאַט דעם 15טען יאַנואַר, 1915.

מיט דעם מעדיום א. ווילקינסאן, האט דער לעצטער צווישן אנדערעס נעזאגט:

„דארט איז א מאן ביי יענער ביכער־שראנק (ווייזענדיג). א זעהר אלטער מאן, גרויס, פול; אלט־פרענקיש העמד, ווייס, זעהר ריין. עליאס סידני. (דער מעדיום נעהמט א בלייפעדער און פאפיר און שרייבט „עליאס סידני”). האט זיך אינטערעסירט מיט פאליטיק; גיכער א שמארקער פאליטיקאנט — ראדיקאל אדער שטרענג ליבעראל. געשטארבען א געוויסע צייט צוריק. עמיצער האט איהם געבראכט. עמיצער אויף דער אנדערער זייט, וועלכער האט פריהער דא מאניפעסטירט. נישט נעוואוינט דא. א גוטע קאליר אין זיין פנים. עמיצער איז הינטער איהם און ער פארשאטענט איהם. האט צו טון מיט ליבעראלען”.

די גאנצע שילדערונג איז געווען אבסאלוט פרעמד פאר היל'ן, וועלכער האט קיינמאל, ביז דאמאלס, נישט געהערט פון קיין עליאס סידני.

דער מעדיום ווילקינסאן האט אנגעהויבען רעדען וועגען אנדערע גייסטער, איינינע היל'ס פארשטארבענע קרובים, צווישען זיי איינער א מאזעס יאנג, וועלכער איז געשטארבען אין דער יוגענד און היל האט שוין אפילו געהאט פארגעסען אן איהם. דאן:

„סידני באווייזט זיך ווידער. עמיצער האט איהם געבראכט. א געוויסער גייסט”.

היל האט אויך דאסמאל נישט דערקענט דעם געשילדערטען. אנדערע גייסטער זענען געקומען, און פון צייט־צו־צייט פלעגט דער מעדיום דורכווארפען אזעלכע זאצען, ווי: סידני קומט און געהט; ענטוזיאסטיש פאר פאליטיק”, „סידני פלעגט זיך אויפקאכען דיסקוטירענדיג פאליטיק”, און דאכגלייכען. ס'האט אויסגעזעהן, אז דער מעדיום קריגט זיינע איינדרוקען פון גייסט, וואס האט סידני'ן געבראכט און וועלכער ניט א כאראקטעריסטיק פון איהם, כדי מ'זאל איהם דערקענען; אבער היל האט וועגען איהם אלין די מינדסטע אהנונג נישט געהאט. צום סוף רופט זיך אפ דער מעדיום:

„ב'איז הער לעדער, וועלכער האט אהערגעבראכט סידני'ן. זיי זענען געווען גוט'ע ברידער! סידני איז אוועק (געשטארבען) א סך פריער ווי הער לעדער".

לעדער איז בעת'ן ערדישען לעבען געווען היל'ס א גוטער באקאנטער און ער האט שוין איינינע מאל, פאר דער דערמאנטער זיצונג, קאמוניקירט מיט איהם. אבער ווער איז סידני? היל האט זיך נאכגעפרעגט ביי א צאהל פראמינענטע ליבעראלען, נאר קיינער פון זיי האט נישט געהערט אזא נאמען. ענדליך האט ער דאך געפונען איינעם, וואס האט איהם געקענט געבען אינפארמאציע וועגען עליאס סידני'ן.

ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז סידני האט געוואוינט עטליכע מייל אוועק פון לאנדאן און ער איז געשטארבען אין עלטער פון עטליכע און אכטציג יאהר; די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען האט ער זיך אינגאנצען צוריקגעצויגען פון דער עפענטליכקייט, און דער מעדיום, וועלכער האט געוואוינט אין אן אנדער שטאדט, צוועלף מייל אוועק, האט נישט געקענט וועגען איהם וויסען.. היל באמערקט דערצו, אז דער אינצידענט קען נישט פארטייטשט ווערען מיט דער דערקלערונג פון געדאנקען־לעזונג, ווייל אין זיין באוואוסטזיין אדער אונטערבאוואוסטזיין, וואו פארגעבענע זאכען פארבלייבען, האט נישט געקענט איינגעקריצט זיין א פערזאן, פון וועמען ער האט קיינמאל די מינדסטע אהנונג נישט געהאט.

און איצטער צו אליווער לאדזש'ן:

רייםאנד, סער אליווער לאדזש'ס זוהן, איז דעם 14טען סעפטעמבער, 1915, געפאלען בעת א שלאכט מיט די דייטשען.

דעם 27טען סעפטעמבער האט ליידי לאדזש געהאט א זיצונג מיט דעם מעדיום פעטערס, וועלכער — נישט־וויסענדיג ווער זי איז, — האט איהר צווישען אנדערעם מיטגעטיילט וועגען א פאטאגראפיע, אויף וועלכער איהר זוהן רייםאנד איז ארויפגענומען מיט א גרופע אפיצירען. די פאמיליע לאדזש האט קיין שום באגריף נישט געהאט וועגען אזא בילד: רייםאנד האט אין די בריף צו זיי מיט קיין זילבע אן דעם נישט דערמאנט.

דעם 29טען נאוועמבער האט פרוי לאדוש דערהאלטען א בריף פון פרוי טשיווס, די מוטער פון רייםאנד'ס א חבר־אפיציר, מיט דער מיטטיילונג, אז אויף א גרופען־פאטאגראפיע, וואס איהר זוהן האט איהר צוגעשיקט פון פראנט, איז אויך דא רייםאנד.

דעם 3טען דעצעמבער, האט אליווער לאדוש געהאט א סעאנס מיט דעם מעדיום מאדאם לעאנארד, וועלכע האט געגעבען א באשטעטיגונג פאר דער גרופען פאטאגראפיע.

דעם 6טען דעצעמבער, האט ליידי לאדוש געפונען אין רייםאנד'ס טאג־בוך, וואס איז אנגעקומען פון שלאכטפעלד, אנגעשריבען — אונטער דער דאטע פון 24טען אויגוסט: „גענומען א פאטאגראפיע".

אויף ביידע סעאנסען איז דאס אויסזעהן פון דער פאטאגראפיע און רייםאנד'ס פאזע דארט גענוי געשילדערט געווארען. די פרוי־מעדיום, מאדאם לעאנארד, האט אפילו אנגעגעבען די איניציאלען פון איינינגע נעמען פון אפיצירען, וואס זענען צוזאמען מיט רייםאנד'ן אראפגענומען.

זיין די פאטאגראפיע איז דעם 7טען דעצעמבער דערהאלטען געווארען. דאס איז גענוי געשטימט. דאס בילד האט געהאט אלע סימנים, וואס די מעדיומס האבען אנגעגעבען.

ווער האט דורך די מעדיומס צעווישען געטון דער פאמיליע לאדוש וועגען דער פאטאגראפיע? — זייער פארשטארבענער זוהן רייםאנד! אין פאל פון טעלעפאטיע וואלט אפשר מעגליך געווען, אז די דריי ווערטער, וועלכע רייםאנד האט פארשריבען אין זיין טאגבוך: „גענומען א פאטאגראפיע", זאלען זיך דערזעלבער צייט „אפקלאפען", ווי א דעפעשע, אין זיינע עלטערען'ס מחות, אדער אונטערבאוואוסטזיינס, פון וואנען דער מעדיום האט עס געקענט „איבערכאפען". אבער ווי זאל מען דערקלערען די גענויע איינצעלהייטען וועגען דער פאטאגראפיע, וואס די מעדיומס האבען „אויסגעמאהלען" אזוי גענוי? און די שוין פריהער געפרעגטע פראגע שווימט דא נאך אמאל ארויס: ליידי לאדוש און סער לאדוש האבען דאך געהאט אויפ'ן קאפ פיל אנדערע

זאָגן, פאַרוואָס האָבן די מעדיומס יענע זאָגן נישט „איבערגעבאָפּט״, נאָר גראָד די „רעפּעשע״ ווענגן דער פּאַטאָגראַפיע?

ס׳בלייבט קיין צווייפעל נישט, אז ריימאָנד אליין האָט מיטגעטיילט זיינע עלטערן וועגן דער פאָטאָגראַפיע, און קיין צווייפעל איז אויך נישט וועגן די מעהרסטע ידיעות און אנטפּלעקונגען, וואָס זענען פאַרצייכענט אין די פּראָטאָקאָלן פון די געזעלשאַפטן פאַר פסיכישע אונטערזוכונגען, אז זיי זענען פאַראורזאַכט פון גייסטער. די גייסטער פון די פאַרשטאָרבענע, וועלכע זענען אַפּט ארום אונז, זענען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מיסטעריעזע ערשיינונגען אין לעבען.

כ׳וואָלט געקענט דערצעהלען א רייה פון מיינע אייגענע ערפאַרונגען, אָבער איך האַלט זיך איצט צוריק דערפון. כ׳וויל דערווייל געבען בלויז די פאַקטען, וואָס זענען אויסגעקליבען געוואָרען, און מיט עדות באַשטעטיגט, פון די גרעסטע וויסענשאַפטליכע אויטאָריטעטען אויף׳ן געביט פון פסיכישער פאָרשונג; מיינע אייגענע ערפאַרונגען וועל איך אויסנוצען ביי אן אנדער געלעגענהייט, מעגליך אין א באַזונדער בוך.

איצט וועל איך איבערגעהן צו די ידיעות און שילדערונגען וועגען די גייסטער־ספערען, ווי זיי ווערען איבערגעגעבען פון די גייסטער. — די ספערען, וואו די, וואָס זענען געשטאָרבען פאַר אונז, געפינען זיך און וואו מיר אַלע וועלען אַמאָל זיין.



.IV

# די גייסטער-ספערען

איך האב בסדר דערמאנט די „גייסטער־ספערען" און „יענע זייט שוועל". ס'איז דערפאר נייטיג א דערקלערונג וועגען דער אומזיכטבארער וועלט, וואו די גייסטער פון די פארשטארבענע געפינען זיך. נאטירליך איז אוממעגליך צו געבען א רעאליסטיש בילד פון דער גייסטער־וועלט שוין צוליעב דער איינפאכער אורזאך, וואס מיר, ערדישע, זענען נאך דארט נישט געווען, און אויב אונזער גייסט וואנדערט דארט אמאל אהין בעת מיר שלאפען (ווי ס'איז ארויסגעבראכט געווארען בעת אייניגע ספיריטואליסטישע סעאנסען), — געדענקען מיר גארנישט וועגען דעם נאכדעם ווי מיר דערוואכען. „אויב מיר וואלטען עס געדענקען, וואלט דער מח נישט געקענט איבערטראגען די משא פון טאפעלטער עקזיסטענץ, און וואלט נישט געקענט דערפילען זיינע טעגליכע פליכטען" („רייכאנד", ז. 198).

אלץ, וואס מיר ווייסען וועגען די גייסטער־ספערען, איז אונז איבערגעגעבען געווארען אין טערמינען און באגריפען, וואס קענען אונז, ערדישע, זיין פארשטענדליך; מיר קענען וועגען דעם פילאזאפירען, זיך פארשטעלען עס אין אונזער פאנטאזיע אזוי רעאל ווי מעגליך, אבער ס'קומט אלץ ארויס אין די גרענעצען פון אונזערע חושים. דאס איז נישט בלויז אזוי אין ספיריטואליזם. נאר בכלל אין דער וויסענשאפט. דער אסטראנאם דערציילט אייך וועגען דער ווייטקייט פון אונזער ערד ביז, למשל, צום שטערן מארס. וואס מיינט עס פאר אייך? ציפערן! פארשטעלען זיך די אומגעהייערע ווייטקייט קענט איהר נישט. די מענשליכע השגה איז צו באגרענעצט דערפאר. די זון, ווייסט איהר, איז א פייערדיגע קוגעל. אבער קענט איהר זיך פארשטעלען דאס גאנצע פרעכטיגע בילד? און קענט איהר זיך פארשטעלען אומענדליכקייט?

מיר קענען זיך נישט אויסמאהלען זאכען, וואס זענען א י ב ע ר

אונזערע באגריפען, איבער אונזערע השגות. בלויז איינצעלנע, נייכטיגע ריזען, אין נביאישען עקסטאז, קענען אמאל אריבער די נארמאלע גרענעצען. נאר אויך זייערע אנטפלעקונגען, ווי קאלאסאל און הערליך זיי זאלען נישט זיין, קענען נישט גרייכען צו ווייט און זענען נישט אימשטאנד אינז גארצושטעלען אפילו דאס אנטפלעקטע, ווייל ס'ווערט אונז איבערגעגעבען מיט א באגרענעצטע צאהל ווערטער אדער פארבען, וואס מיר באזיצען.

דער גרעסטער קינסטלער איז צו ארעם אין ווערטער אדער קאלירען, אז ער זאל אונז קענען פארשטעלען די גאנצע שענקייט פון א בארג, די הערליכקייט פון א זונאויפגאנג אדער זונאונטערגאנג. טראגט דעם קינסטלער אוועק אין דער אומענדליכקייט, צווישען די פלאנעטען און זונען, און ער וועט בלייבען שטום; ער וועט נישט קענען איבערגעבען וואס ער האט געזעהן, דאס אומגעהייערע, וואס וועט זיך פאר זיין אויג אנטפלעקען, וועט איהם צומישען. ער וועט דערנאך פראבירען איבער־געבען אין ווערטער אדער פארבען דאס געזעהענע, מענשען וועלען באוואונדערען זיין רייזען־ווערק, אבער דער קינסטלער אליין וועט בלייבען אומבאפרידיגט, ווייל ער וועט פיהלען, אז די אומגעהייערע געטליכע שאפונג איז אין זיין ווערק אומגעהייער איינגעשרומפען געווארען, דאס אומגעהייערע וואונדער איז פארלוירען געגאנגען, זיך פארוואנדעלט אין א שענער צייכענער־געשיכטע...

די איינציגע קונסט, וואס האט אפשר אן אומבאגרענעצטען כח אונז ארויסצונעמען פון אונזער ערדישער וועלט און אונז צו פארטראגען אין אנדערע, שענערע, העכערע וועלטען, איז די מוזיק. די מוזיק איז אן איבער־מאטעריעלע קונסט און אלע איבערערדישע ספערען זענען פאר איהר אפען. אבער מיר קענען דאס בלויז פיהלען, נישט זעהען מיט אונזער פיזיש אויג; מיר קענען פאר זיך נישט קלאר מאכען וואס מיר פיהלען בעת די מוזיק באצויבערט אונז, מיר ווייסען נאר, אז מיר זענען אנדערש געווארען, אז מיר זענען... אין אנדערע וועלטען".

אונזער גייסט איז פעסט איינגעפאנצערט אין מאטעריע, אין שטאף: די ערד, אויף וועלכער מיר טרעטען, איז מאטעריע און מיר קענען נישט פריי ווערען פון די פיזישע באדינגונגען ווי לאנג אונזער גייסט געפינט זיך אין דעם פיזישען קערפער. מיר מוזען אלע זאכען, אפילו איבערהדישע, זיך פארשטעלען אין מאטעריעלע פארמען, אנדערש קענען מיר זיי נישט זעהען.

דערפאר קען אויך נישט געגעבען ווערען קיין באפרידיגענדער ענטפער אויף די פראגען: וואס זענען די גייסטער־ספערען? וואו זענען זיי? וויפיעל מ'זאל אונז וועגען דעם נישט דערצעהלען און דערקלערען, וועט עס אלץ נישט ארויסקומען ווי עס איז; די רייכסטע פאנטאזיע איז נישט אימשטאנד רעאל זיך פארצושטעלען די וועלט פון גייסטער, וואו דעם מענשענ'ס עקזיסטענץ ווערט פארטגעזעצט נאכ'ן טויט.

פארשידענע געלערנטע און פאעטען האבען פראבירט פארצושטעלען א רעאל בילד פון דער אומזעהבארער וועלט, טייל קינסטלעריש, ווי געזעהן אין זייער פאעטישער באגייסטערונג, און אנדערע — אין טראנס, דורך אן אנטפלעקונג פון „יענער זייט שוועל".

דער פראנצויזישער געלערנטער פ י ג י ע *) זעהט אלע פלאנעטען באוואוינט פון נשמות; ער טיילט די שטערן איין אין פארשידענע מדרגות, נידעריגע, העכערע און הויכע. ס'ווענדט זיך, נאטירליך, אז דער גייסטיגער און מאראלער אנטוויקלונג פונ'ם מענש בעת'ן ערדישען לעבען, ווי הויך אדער ווי נידעריג ער זאל זיין נאכ'ן טויט; אבער ס'מיינט נישט, אז ווען די נשמה קומט אויף א נידעריגען פלאנעט, בלייבט זי שוין דארט. זי ווערט דארט געלייטערט און שטייגט העכער.

---

*) א גענויע אפהאנדלונג וועגען פיגיע'ס טעאריע געפינט זיך אין מיכל וועבער'ס העברעאיש ווערק „חיי עולם הבא על פי דרכי הטבע והבריאה".

דער לעצטער פונקט איז די זון; די זון, זאגט פיניע, איז באוואוינט מיט גייסטער אין זייער ריינסטער און איידעלסטער פארם.

דאס איז, זעלבסטפארשטענדליך, פאנטאסטישע פאנטאזיע, ווי דאנטע'ס „אינפערנא", צום ביישפיל: די אנטפלעקונגען און ידיעות פון „יענער זייט", וואס ווערען ארויסגעבראכט דורך מעדיומס, זאגען עפעס אנדערש. פון קיין פלאנעטען אלס וואוינארט פון די גייסטער ווערט אין זיי נישט דערמאנט. רייכאנד, פער אליוועד לאדוש'ס זוהן, זאגט דורך א מעדיום, אז ער זעהט די שטערן ווי בעת ער האט געלעבט אויף דער ערד, נאר העלער און גרעסער.

דער אמעריקאנער געלערנטער דר. הייר, וועלכער איז געוועזן א פראפעסאר פון כעמיע אין דעם פענסילוואניער אוניווערזיטעט, האט אין יאהר 1855 פארעפענטליכט א בוך מיט'ן לאנגען טיטעל „עקספערימענטאלע אונטערזוכונגען פון די גייסטער־מאניפעסטאציעס דעמאנסטרירענדיג די עקזיסטענץ פון גייסטער און זייער פארבינדונג מיט די שטערבליכע", אין וועלכען ער באהאנדעלט אויך די פראגע וועגען די גייסטערספערען. דר. הייר האט זיך לאנגע יאהרען אפגעגעבען מיט גייסטערקאמוניקאציע און דאס, וואס ער גיט־איבער וועגען דער אומזיכטבארער וועלט, איז איהם, דערצעהלט ער, דיקטירט געווארען פון פארשטארבענע פריינד.

ער דערצעהלט, אז די אומזיכטבארע וועלט באשטעהט פון זיבען הויפט־ספערען, וועלכע טיילען זיך ווידער איין אין פארשידענע בפערען, נידעריגע און העכערע, און זיי אלע רינגלען־ארום אונזער ערד, ווי. לכישה, די רינג, וואס מ'זעהט ארום דעם סאטורן; די רינג ארום יענעם פלאנעט איז טאקע, לויט דר. הייר דערקלערט, די גייסטער־וועלט פון דעם סאטורן.

. . . . . . . .

ער קומט זיך צוזאמען מיט פיניע'ן אין צוויי פונקטען: 1. אז ס'זענען פאראן נידעריגערע און העכערע ספערען, אדער מדרגות און 2. אז אין יעדער ספערע (ביי פיניע'ן פלאנעט) לעבט דער מענש א געוויסע צאהל יאהרען; דאס הייסט, אז דער איבערגאנג פון איין ספערע

צו דער אנדערער קומט־פאר אויף אז עהנליכען אופן ווי דער איבער־נאנג פון דער ערדישער וועלט צו דער גייסטיגער וועלט. דאס מיינט אבער נישט, אז דער מענש שטארבט הארט אזוי ווי אויף דער ערד, — ווען די צייט קומט אריבערצוגעהן אין א העכערער ספערע, באפאלט דעם מענש־גייסט א מין שלאף, בעת וועלכען דער איבערגאנג קומט־פאר. דער טויט אויף אונזער מאטעריעלער וועלט איז, אייגענטליך, אויך א צייטווייליגער שלאף און ס'ווענדט זיך ווידער אין דער אינטע־לעקטועלער, גייסטיג־מאראלער אנטוויקלונג פונ'ם מענש ווי לאנג דער שלאף זאל אנהאלטען: טייל דערוואכען באלד, אנדערע שלאפען עטליכע וואכען, חדשים און אפילו יאהרען, ביז זיי כאפען זיך אויף אין אן אנדער וועלט. דאס איז גערעדט וועגען דעם „טויט'' אויף אונזער ערד; אין דער גייסטער וועלט איז דער שלאף בעת'ן איבערגעהן פון איין ספערע צו דער אנדערער אין אלע פאלען א  ק ו ר צ ע ר,  א  מ א־מ ע נ ט א ל ע ר.

אט די צוויי פונקטען ווערען באשטעטיגט פון אלע אנדערע גע־לערנטע, וועלכע גיבען זיך אפ מיט גייסטער־קאמוניקאציע, אדער בעסער געזאגט: פון די גייסטער, מיט וועלכע זיי קאמוניקירען. רייכאנד דער־ציילט זיינע עלטערען, דורך א מעדיום, אז די פארשטארבענע רופען די ספערע, וואו זיי געפינען זיך, „היימלאנד'', אנדערע רופען עס אויך „זומערלאנד'', און דידאזיגע ספערע, די פינפטע, איז זעהר נאהענט צו דער ערד.

איינער פון די אינטערעסאנטסטע פערזענליכקייטען אין ספירי־טואליזם איז געווען אנדריו דזשעקסאן דייוויס, געבוירען אין בלומינג־גראוו (שטאט ניו יארק) אין יאהר 1826 און געשטארבען אין 1910. דייוויס איז באזעסען זעהר א קליינע בילדונג, אן עלעמענטאר ווישען, און דאך האט ער פארעפענטליכט א רייה ווערק, וועלכע אנטהאלטען אן אוצר פון וויסען, פון פרעכטיגע אידעען און געדאנקען. ער איז געבענשט געווען מיט אן אויטאמאטיש־שרייבענדער האנט, און ווי ער האט דער־קלערט, זענען זיינע בעסטע ווערק איהם דיקטירט געווארען פון די גייסטער־ספערען.

אין זיינע ווערק „די פרינציפען פון דער נאטור און איהרע געט־ליכע אנטפלעקונגען", „די שטים צו דער מענשהייט", „די גרויסע הארמאניע" (אין זעקס בענדער), „א שטערן־שליסעל צום זומערלאנד", „די פילאזאפיע פון די ספעציעלע פארזעהונגען" און אנדערע, ווייזט ער אונז די גייסטער־ספערען און דאס לעבען אויף זיי, ווי ס'איז איהם אנטפלעקט געווארען פון גייסטער. זיין שילדערונג פון דער אומזעהבארער וועלט שטימט מיט דר. הייר'ס, אבער ביי דייוויס'ן קומט עס ארויס פּאעטיש־שענער און טיפער; דער לעצטער רעכענט זיך פאקטיש פאר דעם פאטער פונ'ם מאדערנעם ספּיריטואליזם.

אין די גייסטער־געשפרעכען, צו וועלכע איך געה איצט איבער, וועלען די גייסטער־ספערען, נאטירליך, נישט איינמאל דערמאנט ווערען. אבער איך וויל דא פריהער זאגען, אז, אייגענטליך, דארף קיין גרויסער אונטערשיד נישט זיין, ווי די גייסטער־וועלט זעהט אויס. אזוי אדער אנדערש: ס'איז די איינגעבוירענע מענשליכע נייגעריגקייט, וואס וויל דאס אויסגעפונען. די הויפט־זאך איז צו וויסען, אז דאס ערדישע לעבען איז נישט דער עיקר און אז דעם מענשענ'ס עקזיסטענץ ווערט פארט־געזעצט נאכ'ן פיזישען טויט. ארטור היל באמערקט זעהר ריכטיג: „איך גלויב, אז מיר לעבען נאכ'ן טויט, אז מיר ווערען באגעגענט פון פריינד, ווען מיר ג ע ה ע ן א ר י ב ע ר; און אז דער פראגרעס ווערט פארטגעזעצט אויף דער א נ ד ע ר ע ר ז י י ט. פאר מיר איז דאס דערווייל גענוג".



V.

# מיטטיילונגען פון „יענער זייט“

איך קום איצט צו די מיטטיילונגען פון די גייסטער־ספערען, ווי זיי זענען ארויסגעבראכט געווארען ביי א צאהל ספּיריטואליסטישע סעאנסען. און כ'וועל זיי איבערגעבען אהן וועלכע־ס'איז קאמענטארען פון מיין זייט.

פריהער אבער וועל איך דא ברענגען צוויי ראַפּאָרטען פון טיש־סעאנסען (ביידע פארקירצט), כדי צו געבען א קלארען באגריף וועגען דער פּאָפּולערסטער פאָרם פון גייסטער־קאמוניקאציע, צו וועלכען ס'איז, ווי געזאגט, נישט נייטיג קיין פּראָפעסיאָנעלער מעדיום. דער ערשטער ראַפּאָרט איז א פּראָטאָקאָל פון פריילין פ. א. וואוד, וועלכע איז לאנגע יאהרען געוועזען א גאווערנאנטין אין דער לאדזש־פאמיליע. דאס איז געווען כ'ערשטע מאל, וואס זי האט בייגעוואוינט אזא מין זיצונג און ס'האט אויף איהר געמאכט א געוואלטיגען רושם. דער פּראָטאָקאָל לעזט זיך אזוי:

## טיש-זיצונג אין דעם אויפנאהם-צימער אין מאריעמאנט

דאנערשטאג, 2טער מערץ, 1916.

ארום 6 פארנאכט.

ב א ט י י ל י ג ט ע: ליידי לאדזש (סער אליווער לאדזש'ס פרוי), נארא און האנאר (איהרע טעכטער) און וואודי (די גאווערנאנטין — פריילין וואוד).

פּראָטאָקאָל פון פרל. פ. א. וואוד

אזוי ווי ס'איז געווען ס'ערשטע מאל וואס כ'האב בייגעוואוינט א זיצונג פון וועלכען־ס'איז סארט, וועל איך פארצייכענען די דעטאלען אזוי גענוי, ווי כ'קען זיי געדענקען.

דאס איינציגע ליכט אין צימער איז געווען פון א גאז־לאמפ. א גרויסע. אזוי, אז מיר האבען געקענט זעהר קלאר זעהן איינע די אנדערע און די זאכען אין צימער: דאס טישעל, וואס מיר האבען געברויכט, איז געווען אן אכט־קאנטיגס, מיט דריי קורצע פיס.

א שטיקעל צייט האט גארנישט פאסירט. איך האב בלויז געפיהלט, אז דאס טישעל מאכט זעהר קאלט מיינע הענט.

ארום א האלבע שעה שפעטער האט ליידי לאדזש באמערקט: איך גלויב נישט, אז עמיצער זאל קומען היינט ביינאכט; מיר וועלען ווארטען נאך אביסעל לענגער, און דאן געהן.

ליידי לאדזש — איז עמיצער דא היינט ביינאכט, צו רעדען צו אונז? קומט, אייב איהר קענט, ווייל מיר ווילען וואודי'ן ווייזען ווי א זיצונג געהט־צו. רייםאנד, מייערס, דענקסטו, אז דו וועסט קענען קומען צו אונז?

(קיין ענטפער).

אין פארלויף פון דער האלבער שעה איידער ליידי לאדזש האט געשטעלט די פראגען, האב איך געפיהלט א קוריאזען ציטער אין מיינע הענט און פינגער, און דאן א פיל שטארקער געפיהל פון שווידער אין מיינע הענט און ארעמס, וואס האט געמאכט טרייסלען דאס טישעל. איך האב אויך געהאט א געפיהל ווי עפעס וואלט זיך אפגעטיילט פון טישעל און איידעל באריהרט די דלאניע פון מיין לינקער האנט. אין אנהייב האב איך עס געפיהלט איין מאל; נאך א קורצער פויזע — דריי מאל: דאן, אביסעל שפעטער — צוועלף מאל. און איינמאל (איך וועל נישט אימשטאנד זיין דאס צו דערקלערען) האב איך געפיהלט, גיכער ווי געהערט — א שטילען קלאפ אין צענטער פון טישעל (אפגערוקט פון די לינענדע הענט).

כמעט יעדעס מאל, ווען כ'האב געפיהלט די מאדנע באוועגונגען פון טישעל, האט ליידי לאדזש מיך געפרעגט: „האסטו דאס באוואוינען. וואודי?" איך האב עס זיכער נישט געטון באוואוסטזיניג, און איך האב איהר געזאגט דעם אמת. און בעת כ'האב געפיהלט דעם

שוידער אין די הענט און אָרעמס. האָב איך אַליין גאָרנישט געזאָגט, ביז לײדי לאַדזש און נאָרא האָבן זיך אָפּגערופן: „וואָס טוט דאָס טישעל? ס'האָט קיינמאָל פריהער נישט געטון עפּעס ענליכעס צו דעם. דאַן האָב איך דערצעהלט וואָס איך פיהל אין די הענט און אָרעמס אז״וו.

לײדי לאַדזש — קומט ווער? מיר וועלען זיין אַזוי צופרידען אויב עמיצער וועט קומען.

ס'האָט גאָרנישט פּאַסירט אַ ווייל, און לײדי לאַדזש האָט געזאָגט: „איך גלויב נישט, אַז ס'וועט אונז געלינגען״.

אָבער איך האָב איהר געבעטען: אַ, וואַרט נאָך אַביסעל. כ'הויב ווידער אָן צו פיהלען דעם ציטער.

און האַנאַר האָט געזאָגט: „יאַ, איך מיין, אַז ס'איז עפּעס״.

דאַן האָט דאָס טישעל זיך אָנגעהויבען באַוועגען, און לײדי לאַדזש האָט געפרעגט:

לײדי ל. — ריימאָנד, טייערער, ביסטו דאָס?

(דאָס טישעל האָט דריי מאָל זיך אַ וויג געטון)

לײדי ל. — דאָס איז פיין פון דיר, ווייל וואודי האָט אַזוי געוואָלט זאָלסט קומען.

(דאָס טישעל האָט זיך געוויגט אַרויף און אַראָפּ, אויסדריקענדיג צופרידענקייט, וואָס איז שווער איבערצוגעבען אויף פּאַפּיר)

וואודי — דענקסטו, אַז איך באַזיץ וועלכע־ס'איז קראַפט?

ניין.

(פערזענליך בין איך נישט זיכער אין דעם. נאָך דער זיצונג און בעת איהר, האָב איך געפיהלט אַ מעגליכקייט דערפון — וואודי).

לײדי ל. — דו הוידעסט דעם טיש ווי אַ שפּיל־פערדעל (אַ־רער „וויג־פערדעל״, אויף וועלכען מען וויגט זיך רייטענדיג). געדענקסטו דאָס שפּיל־פערדעל אין ניוקעסל?

יאַ.

ל י י ד י ל. — קענסטו געבען דעם פערדעל'ס נאָמען?

(מיט דער הילף פון אלפאבעט ווערט אויסגעליינט: —)

פ ר י נ ץ.

(מ'פלעגט דאָס פערדעל רופען ארטשער פרינץ)

באַלד נאָכדעם האָט דאָס טישעל אנגעהויבען ארויסצעווייזען סימנים פון אומרוהיגקייט, און האַנאַר האָט באמערקט: „מיר דאַכט זיך, אז ער וויל אונז עפּעס מיטטיילען".

ל י י ד י ל. — דו ווילסט אונז עפּעס מיטטיילען?

ה אַ נ אַ ר — גוט, מיר זענען אַלע גרייט, הויב־אָן.

אייערליבעפאַרמיינרטיפעקיל.

ה אַ נ אַ ר — רייטמאַנד, דאָס איז פאַלש. נישט אזוי? איז „אייער ליבע פאַר מיין" ריכטיג?

י אָ.

ה אַ נ אַ ר — זעהר גוט. מיר וועלען פון דאַרט אנהויבען.

(דער גרוס האָט זיך דאַן געלעזען: —)

אייער ליבע פאַר מיין קליינער שוועסטער.

אײדער דאָס גאַנצע וואָרט „שוועסטער" איז ארויס, האָט ער ארויסגעוויזען גרויס צופרידענקייט; און ווען מ'האָט פאַר איהם דעם גאַנצען זאַץ איבערגעלייענט, איז ער געווען אזוי צופרידען און דאָס אזוי דייטליך ארויסגעוויזען, אז ע ר און מיר האָבען זיך צוזאַמען צולאַכט.

איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט ווי רעאַל ס'קען זיך פיהלען זיין אַנוועזענהייט צווישען אונז.

ל י י ד י ל. — מיינסטו לילי'ן?*)

י אָ.

---

*) לילי איז געשטאָרבען אין דער פריהער קינדהייט און, ווי אַלע יונג־געשטאָרבענע קינדער, אויפגעוואַקסען אין דער גייסטער־וועלט. רייטמאַנר האָט זי נישט דערקענט, ביז זי האָט זיך געוויזען צו איהם, ווי זי האָט אויסגעזעהן אַלס קינד.

לײדי ל. — איז זי דא אין צימער?

יא.

לײדי ל. — קען לילי אונז זעהן?

נײן.

לײדי ל. — לילי, טײערע, דײן מאמע האט דיך אזוי שטארק ליעב. איך האב דיר געװאָלט שיקען מײן גרוס. כ׳װעל דיך אמאל קומען זעהן, און דאן װעל איך זײן אזױ גליקליך. מײן טײערע, טײער מײדעלע. כ׳דאנק דיר זעהר פאר׳ן קומען צו העלפען רײמאנד׳ן, און פאר׳ן קומען טײלמאל צו די טיש־סעאנסען, ביז ער װעט קענען אלײן קומען*). מײן ליבסטען גרוס פאר דיר און פאר דײן ברודער ביל אויך.

(רײמאנד האט אויסגעזעהן צו זײן זעהר צופרידען, װען מ׳האט דערמאנט ביל׳ן).

(דאס טישעל האט איצט װי געװאלט זיך טוליען צו לײדי לאדזש׳ב קניע און געמאכט אנגעשטרענגטע באװעגונגען אהין און צוריק און כ׳האט אויסגעזעהן, אז ס׳קען נישט גענוג נאהענט צוקומען צו איהר.

באלד האבען מיר פארשטאנען, אז ער װיל שוין געהן. מיר האבען איהם געפרענט, אויב דאס איז אזוי, און ער האט געענטפערט: —)

יא.

(מיר האבען איהם געװאונשען „גוט נאכט" און נאכדעם װי ער האט געגעבען צװײ איבעריגע װיג דאס טישעל, װי ער טוט עס שטענדיג פאר׳ן אװעקגעהן, האבען מיר איהם נאכאמאל געזאגט „גוט נאכט" און אװעק.)

---

*) ס׳איז דאן געװען נישט לאנג נאך רײמאנד׳ס טויט, װען דאס נײע לעבען אויף יענער זײט איז פאר איהם נאך געװען פרעמד און איבערראשענד.

# טיש-זיצונג אין דעם אויפנאַהם-צימער אין מאַריעמאָנט

9 אין אָוונט. מאָנטאג, 17 אפריל, 1915.

## ראפּאָרט פון ליידי לאָדוש

אינ'ם אויפנאהם־צימער, אין מאַריעמאָנט, שפּילט מוזיק. די מייד־לעך (פיער פון זיי) און אַלעק (לאָדוש'ס א זוהן) זינגען ביי דער פּיאנא. וואודי און האנאר און איך זיצען אין אנדערןווינקעל פון צימער. לייאָנעל (לאָדוש'ס אַן אַנדער זוהן) — אין דער גרויסער שטוהל.

די שעקספּיער־געזעלשאַפט, וועלכע איז פארזאמעלט אין הויז, פארברענגט ביי קאווע אין עס־צימער, אזוי אז אַליווער לאָדוש איז נישט מיט אונז.

וואודי גלויבט, אז רייטאָנד איז אין צימער און וואלט וועלען הערען דאס זינגען. נאר האנאר מיינט, אז ס'איז צו שפּעט אנצוהויבען מיט'ן טישעל.

אָבער, ווי שטענדיג, איז דאס טישעל גרייט געווען לעבען דער פּיאנא, און האנאר גערט צו דערצו; אין דעם אויגענבליק, וואס זי לייגט ארויף די הענט אויף דעם, נעהמט זיך דאס טישעל וויגען. איך לייג אויך ארויף מיינע הענט.

מיר פרעגען, אויב ס'איז ריימאָנד און אויב ער האט געוואָרט. ער ענטפערט:—

י א.

ס'האט אויסגעזעהן, אז ער וויל הערען די מוזיק. אז א ליד, וואס איז איהם געפעלען, האט זיך געענדיגט, האט ער זעהר רייטליך און אנט־שלאָסען אפּלאָדירט.

לייאָנעל איז צוגעקומען און זיך געזעצט ביים טישעל מיט אונז. ס'האט אויסגעזעהן ווי דאס טישעל וויל שטעהן הארט לעבען דער פּיאנא. באַטש מיר האבען געזאגט, אז מיר וועלען עס צוריק אפּשטופּען, אין טאַקע אזוי געטהון. אָבער דאס טישעל איז צוריק צוגעשפּרונגען צו דער־פּיאנא און זיך אנגעשלאָגען אן פריילין בארפּי'ן, וועלכע האט געשפּיעלט

אויף דער פיאנא. אלעק, (וועלכער איז געזעסן לעבען איהר) האט זיך באשיצט מיט איינעם פון די שווארצע, זיידענע קישענס, אבער דאס טישעל האט נישט אויפגעהערט צו שפרינגען און געמאכט א לאך אין קישען.

ס'טישעל האט זיך דאן אוועקגערוקט צו די ליידיגע ברעטער פון דעם דיל (פאדלאגע), וואו עס איז נישט געווען קיין דיוואן און די קלעפ פון טישעל האבען זיך געקענט לויטערער הערען.

ס'האט אויסגעפונען א ווינקעל פון וואנט־געזימס, ארום זעקס צאהל פון דיל, וואו ס'האט אנגעשפארט א פיסעל (ס'האט געהאט דריי פיסלעך) און די אנדערע צוויי פיסלעך אויפגעהויבען אויף דערזעלבער הויך, אזוי האט עס געטון עטליכע מאל און ס'איז געווען קענטיג, אז ס'איז זעהר צופרידען מיט'ן נייעם פארטעל.

דערנאך האט זיך ס'טישעל אומגעלייגט אויפ'ן דיל און אז מ'האט עס געפרעגט, אויב מיר זאלען עס העלפען אויפהויבען, האט עס אויס־געקלאפט: —

נ י י ן.

אבער לייאנעל האט דאן געזאגט: נו, מיין האנט איז זעהר אין אן אומבאקוועמער פאזיציע, ווילסטו מיך נישט לאזען אויפהויבען ס'טישעל?

ס'טישעל האט גלייך דריי מאל אויסגעקלאפט:—

י א.

און מיר האבען עס אויפגעהויבען.



# אַ זיצונג פון סער אָליווער לאָדזש מיט דער מעדיום-פרוי, מאַדאַם לעאָנאַרד

(אויסצוגען)

אין דעם מעדיום'ס וואוינונג — פרייטאג, 3טער דעצעמבער, 1915 פון 6:10 ביז 8:20 אין אווענט.

(באמערקונג: ווען פרוי לעאנארד איז אין טראנס־צושטאנד דער־וואכט אין איהר א גייסט פון י ע נ ע ר ז י י ט — א קליין אינ־דיאניש מיידעלע מיט'ן נאמען פ ע ד א. א. א—מי).

פ ע ד א: — ער (רייסאנד) ווארט; ער זעהט־אויס זעהר צופרי־דען (דער מעדיום רעדט אמאל אין דער ערשטער פערזאן און אמאל אין דער דריטער פערזאן). ר'איז זעהר נייגעריג אייך צו דערצעהלען וועגען דעם פלאין, וואו ער געפינט זיך; ער פארשטעהט נאך נישט אצונד ווי ס'קוקט אויס אזוי כאליד.

(פעדא פליסטערט שטיל — וואס זאגסטו? יא, פעדא ווייסט). ער האט לעצטענס זיך צוגעקוקט צו די פארשידענע סארטען מענשען, וואס ק ו מ ע ן א ר י ב ע ר און צו דעם עפעקט, וואס עס מאכט אויף יעדען פון זיי.

א. כ'איז אינטערעסאנט, זאגט ער. — פיל מעהר ווי אויף דער אלטער ערד. כ'האב נישט געוואלט איבערלאזען דיך און די מאמע'ן און אלע נאהענטע. אבער כ'איז אינטערעסאנט. כ'וואלט וועלען איהר זאלט קענען אריבערקומען אויף איין טאג און מיט מיר דא פארברענגען. טייל־מאל קומט איהר אהער, נאר איהר קענט נישט געדענקען. זיי זענען אלע דא נעוועזן מיט איהם ביינאכט און אזוי איהר, אבער ער דענקט, אז כ'איז זעהר שווער איהר זאלט עס געדענקען. אויב איהר זאלט עס גע־דענקען, האט מען איהם געזאגט (ר'האט נאך נישט געוואוסט אליין, נאר מ'האט עס איהם געזאגט), וואלט דער מח נישט געקענט איבער־טראגען די כשא פון דער טאפעלטער עקזיסטענץ און וואלט געוועזן אומפעהיג פאר זיינע טעגליכע פליכטען; ס'ווערט דערפאר אפגעמעקט

פון געדעכעניש. דאס איז די דערקלערונג, וואס מ'האט איהם געגעבען.

סער אליווער לאדזש: — וויל ער עפעס זאגען וועגען זיין הויז, זיינע קליידער, אדער וועגען זיין קערפער?

א. יא. ער וויל עס אייך זאגען.

ער זאגט: מיין קערפער איז זעהר ענליך צו דעם, וואס כ'האב געהאט פריהער. איך קנייפ איהם טיילמאל צו זעהן אויב ער איז א ממשות'דיגער, און דאס איז ער, אבער איך פיהל נישט קיין שטארקען ווערטאג, ווי בעת כ'האב געקנייפט דעם פלייש־קערפער. די אינוויינינגסטע ארגאנען זעהט־אויס, זענען נישט צוזאמענגעשטעלט לויט דיזעלבע רעגעלען ווי פריהער. זיי קענען נישט זיין פינקט דיזעלבע. אבער אויסערליך זענען זיי אלצאיינס ווי פריהער.

א. פאראן איין זאך, זאגט ער, וואס כ'האב נאך דא נישט געזעהן — עמיצען בלוטען.

אליווער לאדזש: — וועט נישט געהן קיין בלוט פון קערפער, ווען מ'זאל איהם איינשניידען?

ער האט עס קיינמאל נישט פרובירט. אבער אזוי האט ער דארט נישט געזעהן קיין בלוט.

אליווער לאדזש: — האט ער אויערן און אויגען?

יא. יא, און וויהעס און ברעמען, גענוי דיזעלבע, און א צונג און ציינער.

ער קען איינעם, וועלכער האט געהאט פארלוירען זיין ארם. אבער האט איצט אן אנדערן. יא, ער האט איצט צוויי ארעמס.

ב'האט אויסגעזעהן ווי ס'פעהלט איהם א גליד, ווען ער איז ס'ערשטע מאל אהער אריבערגעקומען. דער קערפער איז נישט געווען פאלקאם. אבער אביסעל שפעטער איז ער געווארען פאלקאמער אין פאלקאמער, ביז ער האט געהאט א נייעם ארם.

אליווער לאדזש: — וואס איז מיט א גליד, וואס מ'האט פארלוירען אין שלאכט?

א. אויב זיי האבען דאס גליד פארלוירען נאר־וואס, איז נישט קיין אונטערשייד. ס'מאכט נישט אויס; ס'ווערט אלץ אין ארדנונג, ווען זיי

קומען אהער. מ'האט מיר געזאגט — עס ווייסט עס נישט אליין, נאר מ'האט'ז געזאגט — אז ווען עמיצער ווערט צוריסען אויף שטיקער, נעהמט עס א געוויסע צייט פאר דעם גייסט־קערפער צו ווערען קאמפלעקט, זיך צוזאמענשטעלען און צו זיין פאלקאם. דאס פארשוועגדט א געוויסע סומע שטאף, וואס איז, אהן צווייפעל, עטער, און דאס דארף זיך צוריק קאנצענטרירען. דער גייסט איז, נאטירליך, נישט צוריסען, — ער מיינט נישט האס, — אבער דאס האט אן עפעקט אויף איהם. ער האט דאס אליין נישט געזעהן, אבער ער האט זיך דערפרעגט, ווייל ער איז פאראינטערעסירט אין דעם.

א ל י ו ו ע ר ל א ד ז ש :— וואס איז מיט קערפערס, וועלכע ווערען פארברענט?

א, אויב זיי ווערען פארברענט דורך א צופאל, אויב זיי ווייסען עס אויף ד ע ר ז י י ט, זונדערן זיי קודם אפ דעם גייסט. א „גייסט־דאקטאר". ווי מיר רופען עס, געהט אראפ און העלפט. אבער קיין קערפער זאל אבזיכטליך נישט פארברענט ווערען. מיר האבען טיילמאל געפערליכע צרות מיט מענשען, וואס זענען שנעל קרעמירט געווארען: דאס טאר נישט זיין. ס'איז א געפערליכע זאך; ס'האט מיך זעהר באזארגט. מענשען זענען אזוי נאכלעסיג. ס'זעהט אויס ווי די קרובים פון די געשטארבענע וואלטען טראכטען: „שנעל רייניגט זיי אראפ פון וועג, ווען זיי זענען טויט". נישט פאר זיבען טעג, זאגט ער. זיי זאלען נישט קרעמירט ווערען (פארברענט ווערען אין קרעמאטאריום) פאר זיבען טעג.

א ל י ו ו ע ר ל א ד ז ש :— אבער ווי איז, אז עס געהט שלעכט מיט'ן קערפער?

דאן איז דער גייסט שוין ארויס. אויב אזוי פיל — א שיבוש — גייסט איז איבערגעבליבען אין קערפער, הויבט ער נישט אן אפצושטארבען. אז איהר רעדט וועגען א פערזאן וואס „שטארבט־אפ", מיינט עס אז דער גייסט מאכט זיך פארטיג און פארלאזט ביסלאכוויז דעם קערפער. ער (ריימאנד) האט אויפ'ן צווייטען טאג (ווען ער האט ערוואכט

אין דער גייסטער־וועלט) געזעהן ווי איינער איז (אויף דער ערד) צוגע־גריים געווארען קרעמירט צו ווערען צוויי טעג נאכדעם ווי דער דאקטאר האט איהם דערקלערט פאר טויט. אז זיינע קרובים אויף ד ע ר ז י ט האבען וועגען דעם דערהערט, האבען זיי געבראכט א געוויסען דאקטאר פון א ו נ ז ע ר ז י י ט און זעהענדיג, אז דער גייסט איז נאך, ווירקליך, נישט אדיים פון קערפער, האבען זיי איהם מאגנעטי־זירט אין איהם געהאלפען ארויסגעהן. ער גלויבט, אז דאס דארף געטון ווערען אין יעדען פאל. ער מיינט נישט, אז דער גייסט קומט ארויס פון זיין איינענעם קערפער, אבער אן עסענץ קומט ארויס פון קערפער — פליסט ארויס, זאגט ער, און גערט אריין אין אנדערן קערפער, וואס ווערט דא צוגעגרייט. דאן געשטאלט עס זיך צוזאמען און ס'פארמירט זיך א דופליקאט פון דעם קערפער, וואס איז געבליבען אויף דר'ערד. דאס איז זעהר אינטערעסאנט.

(באמערקונג פון מער אליווער לאדזש:— כ'בין זיך מודה, אז איך רעכען, אז פעדא האט א גרייסען אויסוואהל פון דעם, מעגליך, אז אינ־גאנצען, פון מענשען, וואס האבען געלעזען אדער פארפאסט ביכער (וועגען דעם לעבען פון די גייסטער.) אבער אזוי ווי איהרע אנדערע אויסזאגונגען זענען אפט א י ב ע ר צ ר י י ג ע נ ד ב א ו ו י ז ע ן ג ע ו ו א ר ע ן, פיהל איך, אז איך האב נישט קיין רעכט איבערצו־קלייבען: ספעציעל, ווען איך ווייס גארנישט וועגען דעם).

די מיטטיילונג ווערט פארטגעזעצט:

ער (רייסאנד) האט דערצעהלט לייאנעל'ן (זיין ברודער — בעת א סעאנס) ווי ער האט אין דער ערשטער צייט געוואלט אן אנצוג. ער האט נישט געקענט, אז ס'איז דארט מעגליך צו שאפען אזא אנצוג.

א ל י ו ו ע ר ל א ד ז ש:— יא, כ'ווייס, לייאנעל האט אונז געזאגט, אז דו האסט אין אנהויב געוואלט אן אנצוג, אז ס'זאל זיין מעהר עהנליך צו דיינע אלטע קליידער, און אז זיי האבען דיך דארט נישט געצוואונגען אנצוטון די נייע, נאר דיך געלאזט אנהויבען מיט דעם אלטען מארט קליידער, ביז דו וועסט זיך צוגעוואוינען צום פלאץ.

יאָ, זאָגט ער (רייםאָנד), זיי האָבען מיך נישט געגייט, אָבער די מערהסטע מענשען דאָ טראָגען ווייסע כאַלאַטען.

אַליווער לאַדזש :— קענסטו מיר זאָגען דעם אונטערשיד צווישען מענער און פרויען דאָרט?

דאָ זענען פאַראַן מענער און ס׳זענען פאַראַן פרויען. איך גלויב נישט אויב זיי האָבען דיזעלבע באַציהונג איינע צו די אַנדערע, ווי אויפ׳ן ערד־פּלאַנעט, אָבער ס׳זעהט־אויס, אַז זיי האָבען דיזעלבע געפיהלען איינע צו די אַנדערע, נאָר ס׳דריקט זיך אויס אויף אַן אַנדער אופן. נאַטירליך, קיין קינדער ווערען דאָ נישט געבוירען, דאָס ווערט געלאָזען פאַר די ערדישע. אָבער ס׳איז דאָ פאַראַן אַ געפיהל פון ליבע צווישען מענער און פרויען, וואָס איז פון אַ באַזונדער קוואַליטעט ווי, למשל, צווישען מאַנסביל און מאַנסביל און צווישען צוויי פרויען; מאַן און פרוי באַגעגענען זיך דאָ אַנדערש ווי מיטער און זוהן אָדער פאָטער און טאָכטער.

אַליווער לאַדזש : — רייםאָנד, האָסט מיר געהאט געזאָגט, אַז דיין הויז (אויף יענער זייט) איז געמאַכט פון שטיינער. ווי קען עס זיין? פון וואָס זענען די שטיינער געמאַכט?

אט דאָס האָט ער נאָך נישט אויסגעפונען. אייניגע האָבען איהם געזאָגט, אַז זיי זענען געמאַכט פון אַ סאָרט עמאַנאַציעס פון דער ערד. ער זאָגט, אַז עטוואָס הויבט זיך כסדר אויף פון דער ערד, ווי אַטאָמען, וואָס פרעסט זיך צוזאַמען, בעת עס גרייכט אַהער; ס׳איז נישט מעגליך ווען עס גרייכט אונז, אָבער מיר קענען עס אויפזאַמלען און קאָנצענטרירען — כ׳מיין די, וואָס זענען מיט מיר. זיי מאַכען דעם איינדרוק פון שטיינער און ווען כ׳האָב זיי אָנגעריהרט, האָב איך געפיהלט שטיינער: איך האָב געזעהן גראַניט אויך.

יאָ, עפּעס הויבט זיך כסדר פון אייער פּלאַנעט; פּאַקטיש אומזיכט־באַר — אַלס אַטאָמען, ווען עס פאַרלאָזט אייער ספעריע — אָבער ווען עס גרייכט דעם עטער, געווינט עס אייניגע אַנדערע קוואַליטעטען און אין דער צייט, וואָס עס דערגרייכט אונז, נעהמען עס טייל מענשען און

פאבריצירען דערפון סאָלידע זאכען. פונקט ווי איהר קענט פאבריצירען סאָלידע זאכען.

דו ווייסט ווי בלומען פארוועלקען. מיר האבען דא בלומען; אייערע פארוועלקטע בלומען בליהען ביי אונז ווידער — פרעכטיגע בלומען. לילי האט מיר געהאָלפען מיט בלומען.

אליווער לאדזש: — האסט זי ליב?

יא. אבער ר'האט ניט דערוואַרט זי דארט צו זעהן. ר'האט מורא, אז ר'איז נישט געווען זעהר איידעל צו איהר. ווען ער האט זי צום ערשטען מאָל דאָ באַגעגענט; ער האט דא נישט דערוואַרט קיין דערוואקסענע שוועסטער. בין איך א קליין ברידער'ל. האט ער געזאגט. אָדער זי איז מיין קליין שוועסטער'ל? ער פיהלט זיך א מיסטעריע: ער האט געוואוסט, אז ער האט דא א ברודער, אבער פאראן זענען דאָ צוויי ברידער. איז עס מעגליך, זאָגט ער, אז ער האט געהאט נאך א ברודער — אזעלכע, וואס האט אינגאנצען נישט געלעבט?

אליוועראלאדזש: — יאָ, דאָס איז מעגליך.

(רייטאנד'ס א ברודער איז געשטאָרבען אין קימפעט).

אבער ער זאָגט, אז קיין ערדיש לעבען לחלוטין נישט. כ'האב געזעהן איינעם. אויך וועלכען מ'ראט מיר געזאגט, אז ער איז מיין ברודער. נאָר כ'קען דאך איהם נישט דערקענען. קען איך? איך פיהל זיך נעהנטער צו לילי'ן. ווי צו איהם. כ'וועל זיך יעדענפאלס מיט איהם נעהנטער באַקענען.

אליוועראלאדזש: — זעהסטו די שטערן?

יא. ער זעהט די שטערן. די שטערן זעהען אויס איהם ווי פריהער, נאָר ער פיהלט זיך נעהנטער צו זיי, נישט אקוראט נעהנטער, אבער זיי זענען פאר איהם העלער.

אליוועראלאדזש: — זענען זיי גרופירט אויפ'ן זעלבען אופן? זעהסטו דעם „גרויסען בער", צומביישפיעל?

אָ, יא. ער זעהט דעם „גרויסען בער". נאָך א זאך קומט איהם פאר מיסטעריעז: ער קען נישט אונטערשיידען צווישען טאג און נאכט, ווי אויף דער ערד.

אליווער לאדזש:— אבער איך גלויב, אז הו זעהסט די זון?

יא. ער זעהט די זון; אבער ער פיהלט אלעמאל דעם זעלבען גראד ווארעמקייט. ער פיהלט נישט קיין היץ און קיין קעלט, וואו ער איז. די זון מאכט איהם נישט אומבאקוועם הייס. דאס איז נישט, ווייל די זון האט פארלוירען איהר היץ, נאר ווייל ער האט נישט דעם אייגענעם קערפער. וואס איז פיהלבאר פאר היץ, ווען ער קומט אין באריהרונג מיט דער ערד־כפערע, אין מאגיפעכטירט. דאן פיהלט ער אביסעל קאלט אדער ווארעם — מעהרסטענס איז דאס בעת א מעדיום איז אנוועזענד — נישט ווען ער קומט אויפ'ן איינפאכען וועג בלויז ארומצוקוקען זיך.

אליווער לאדזש:— דו האסט מיר געוואלט געבען באווייזען. וואסערע באווייזען, רעכענסטו, וועלען זיין די בעסטע? האסטו דאס איבערגערעדט מיט ה' מייערס'ן (דער פאר־שטארבענער ענגלישער געלערנטער פרעדריק מייערס) און האסטו באַ־שטימט וועלכע באווייזען ס'וועלען זיין די איבערצייגענדסטע?

איך ווייס נאך נישט איצט. איך האב אויסצוקלייבען צווישען צוויי וועגען: איין וועג איז, דיר צו געבען אביעקטיווע באווייזע, אזעלכע ווי געוועהנליכע מאטעריאליזירונגען און א דירעקטע שטים, וועלכע דו וועסט קענען אויספראבירען. אדער געבען דיר אינפארמאציע וועגען מיינע פארשידענע ערפארונגען דא, ווי דערצעהלען דיר וואס איך טו איצט. אבער ער ווייסט נישט אויב ס'איז פאר איהם מעגליך צו טון צוויי זאכען צוזאמען.

אליווער לאדזש:— ניין, נישט צוזאמען, נישט אין דערזעלבער צייט. נאר — דו קענסט דערצעהלען מעהר וועגען דיין לעבען דארט.

יא, דערפאר זאמעלט ער אינפארמאציע. ער וויל אזוי דערמוטיגען מענשען זיך מעהר צו אינטערעסירען מיט'ן לעבען, וועלכעס זיי וועלען זיכער הארפען אמאל לעבען, און פארשטעהן, אז דאס איז א ראציאנאל לעבען. כ'וויל דא שטודירען א מאסע זאכען. ווען עס נישט קלינגען

ענטאיבטיש. ווען כ׳וועל זאגען, אז כ׳וואלט זיך איצט נישט געוואלט אומקעהרען צו אייער לעבען? — כ׳וואלט דאס איצטיגע לעבען נישט אויפגעגעבען פאר קיין זאך אין דער וועלט. באטראכט דאס נישט פאר ענטאיבטיש, אדער אז איך וואלט וועלען אינגאנצען אוועק פון אייך אלעמען. איך בין נאך מיט אייך פארבונדען, ווייל איך פיהל אייך אזוי נאהענט, נעהנטער אפילו ווי פריהער.

ער זאגט, אז ר׳איז געווען מזל׳דיג, ווען ער איז אהער אריבערגעקומען, ווייל אזוי פיל פריינד האבען איהם באגעגענט. ער ווייסט איצט, אז דאס איז דערפאר, וואס דו ביסט אזוי לאנג אריינגעטון אין ספיריטואליזם. ס׳איז געווען אומדייטליך בעת זיי (זיינע פריינד דארט) זענען אריבערגעקומען און וואכען־לאנג זיך נישט געוואלט גלויבען, אז זיי לעבען שוין מעהר נישט אויף דר׳ערד — זיי האבען גערעכענט, אז זיי חלום׳ען. באלד אין אנהויב, ווען ער (ריימאנד) האט זיך דארט אויפגעכאפט, האט ער זיך אויך געפיהלט אביסעל דערשלאגען, אבער ס׳האט נישט לאנג אנגעהאלטען. ער האט געווארפען זיינע אויגען ארום און ארום און ס׳האט איהם גלייך אויפגעהערט צו ארגען. נאך ס׳האט זיך איהם אלץ אויסגעוויזען ווי איינעם, וואס כאפט זיך אויף אין א פרעמד פלאץ, אין א פרעמדער יגמארט. ארומגערינגעלט מיט אומבאקאנטע מענשען, אדער אזעלכע, וואס מ׳האט שוין א לאנגע צייט נישט געזעהן.



# א זיצונג פון אַלעק לאָרוש (אַליוועֶר לאָרוש׳ס אַ זוהן) מיט דער פרוי-מעדיום מאַדאַם לעאָנאַרד

(אויסצוגע)

דינסטאג, דעם 21סטען דעצעמבער, 1915
פון 3:15 ביז 4:30 נאכמיטאג.

פ ע ד א :— ער (ריימאנד) זאגט, אז ער פיהלט אויסגעצייכענט גוט; ר׳האט נישט געגלויבט, אז ס׳איז מעגליך אזוי גוט צו פיהלען.

ער האט דא געוואַרט, געוואוסט, אז דו קומסט, אבער נערוועזט, אז ס׳וועט דיר נישט מעגליך זיין היינט צו קומען (די באהן האט זיך פארשפעטיגט אויף א האלבער שעה.)

ביסט געווען אויפמערקזאם צו דעם, וואס ער האט דערציהלט וועגען דעם פלאץ, וואו ער געפינט זיך?

אלעק — יא, אבער ס׳קוקט מיר אויס זעהר שווער צו פארשטעהן.

ער זאגט, אז ס׳איז אזא סאלידער פלאץ, כ׳בין עס נאך נישט אינגאנצען אויסגעוועזן. ס׳איז אזוי וואונדערבאר רעאל.

ער האט זיין פאטער דערצעהלט וועגען א טייך; ר׳האט נאך נישט געזעהן דעם ים, ר׳האט געפונען וואסער, נאר ער ווייסט נישט אויב ער וועט געפינען א ים. ער מאכט איצט יעדען טאג אנטדעקונגען, אזוי פיל נייאיגקייטען, נאטירליך נישט פאר די, וואס זענען שוין דא א לענגערע צייט.

ער איז מיט זיין זיידען און אויך מיט איינעם ריטשארד ארויין אין א ביבליאטעק און די ביכער דארט זעהען אויס ווי די, וואס איהר לעזט. אויסערגעוועהנליך איז אט וואס: ער האט דארט געזעהן ביכער, וואס זענען נאך נישט פובליקירט געווארען אויף דער ערד. מ׳האט איהם געזאגט— בלויז געזאגט, ער ווייסט נישט אויב דאס איז קארעקט — אז אט די ביכער וועלען שפעטער פובליקירט ווערען; זייער אינהאלט וועט אפגעפרעסט ווערען אויף אן אויטאר׳ס מח — אויף דער ערד־ספערע.

ער האט מיט זיך געבהאכט לילי'ן און וויליאם'ן (איינעם פון די ברידער).

אלעק:— פעדא, ווערסטו פרעגען ריימאנד'ן אויב ס'וועט איהם נישט ארען כ'זאל איהם שטעלען פראגען?

יא. מיט פארגעניגען, זאגט ער.

אלעק: — מיט א שטיקעל צייט צוריק האט ריימאנד געזאגט, אז ער האט באזוכט די מאמען. די מאמע וואלט צופרידען געווען צו וויסען, אויב ער קען זאגען, וואס זי האט געטהון בעת ער איז ביי איהר געווען. בעט ריימאנד'ן ער זאל זיך דאס פרובירען דערמאנען.

יא, יא, זי האט געהאט אביסעל וואל און א שער; זי האט געהאלטען א גלייך שטיק צייג און איבער דעם געארבייט. ער ווייזט מיר, אז זי האט מיט דער שער געשווירען דעם וואל.

אז אנדער מאל (בעת דער גייסט האט באזוכט זיינע עלטערען'ס הויז), איז זי געלעגען אין בעט.

ער קומט אפט בעת איהר זענט אין בעט.

ער האט פרובירט הויך אויסצושרייען; ער האט גערופען „אלעק! אלעק!" אבער ר'האט נישט געקריגען קיין ענטפער. אט וואס ס'איט איהם. ער גלייבט, אז ער האט געשריגען, אבער ס'ווייזט־אויס, אז ער האט אפילו נישט פאראורזאכט קיין שעפטשעריי.



# אַ זיצונג פון ליידי לאַדזש מיט דער פרוי-מעדיום מאַדאַם לעאָנאַרד

(אויסצוגען)

פרייטאג, דעם 4טען פעברואר, 1916.
פון 8:30 ביז 11:10 אין אווענט.

פעדאַ:— רייםאָנד איז דאַ. ער איז מיט פּאַאול'ן (זיינער א פריינד, וועלכער איז געשטאָרבען אַ שטיקעל צייט פריהער פאר איהם) אויסגעזוכט אומעטום (אויף דער ערד ספערע), און באזוכט די מעדיומס אין פארשידענע געגענטען, כדי עפּעס צו טון פאר די יונגעליט (אויף יענער זייט) און זיי ברענגען אין פארבינדונג מיט זייערע מוטערס. טייל זענען זעהר אייפערזיכטיג אויף די, וועמען דאָס איז געלונגען. ס'נעהמט־אַן אַ צער צו קוקען אויף זיי. מיר דערקלערען דאָס דערמיט, וואָס זייערע מוטערס און פאָטערס ווייסען נישט וועגען קאָמוניקאַציע. זיי פרעגען: פאַרוואָס געהען זיי נישט אַלע צו מעדיומס?

רייםאָנד זאָגט: דאָס וואונדערט מיך אויך.

ער האָט דערצעהלט וועגען איינער, וואָס איז גלייך ארויפגעשטיגען צו זעהר א הויכער ספערע, אזוי הויך ווי ס'איז נאָר מעגליך. ער זאָגט, אז זיין ברודער וויליאַם איז אויך דאָרט ארויף, א ווייטער וועג, אָבער נישט צו ווייט צו איהם צו קומען.

דאַן ווערסטו דאָ פאַראייניגט מיט די, וועמען דו האָסט ליעב. די, וועלכע דו האָסט נישט ליעב, באַמיהסטו זיך אפילו נישט צו באַגריסען, ווען דו באַגעגענסט זיי אין גאַס.

ליידי לאַדזש: — דאָרט זענען, הייסט עס, פאַראַן גאַסען?

יאָ. ער איז געוועזען צופרידען צו זעהן גאַסען און הייזער.

אַמאָל האָב איך געמיינט, אז דאָס איז מסתמא באַשאַפען געוואָרען מיט עמיצינ'ס געדאַנק. דו ווערסט דאָ צוגעצויגען צו אַ פּלאַץ, פאר וועלכען דו פאַסט. מוטער, דאָ איז נישט פאַראַן קיין ריכטער אָנן קיין

ושורי, נאר דו ווערסט צוגעצויגנ, גלייכס צו גלייכס. יעדער צו זיינס גלייכנ.

מייל מענשענ פרעגנ מיר: ביסטו צופרידענ מיט דעם פלאץ, וואו דיינ קערפער ליגט? איך זאג זיי, אז ס'ארט מיר אויף קיינ האר נישט, כ'האב איצט קיינ זארג נישט וועגנ מיינ קערפער. ס'איז ווי אנ אלט מאנטעל, וואס כ'האב שוינ אויסגעטראגנ. כ'וויל נישט קיינ בלומענ אויף מיינ קבר. בלומענ אינ הויז, אינ ריימאנד'ס היים.



# אַ זיצונג פון סער אָליווער לאָדזש מיט דער מעדיום־פרוי מאַדאַם לעאָנאַרד

(אויסצוגען)

פרייטאג, דעם 28סטען יאנואר, 1916.

פעדא:— ער זאגט, אז מאסען מענשען דארט זאגען, אז די וועסט איז דער צייט פון דער מלחמה אויפטון די וואונדערפארסטע ארבייט פון דיין לעבען. מענשען זענען איצט גרייט זיך צוצוהערען. פריהער זענען זיי געוועזען פארנומען מיט צופיעל זאכען און נישט געקענט טראכטען וועגען דעם; אבער אצונד איז עס א גרויסע זאך צו טראכטען וועגען דעם לעבען נאכ'ן טויט.

איך וויל, אז די זאלסט וויסען, אז אין אנהויב, ווען איך בין אהער אריבערגעקומען, האב איך עס געהאלטען פאר אומגערעכט, אז אזוי פיל יונגעלייט זאלען אריבערקומען אין דער בליהענדער צייט פון לעבען. נאר איצט זעהר ער, אז פאר יעדען איינעם, וואס קומט אריבער, עפענען צעהנדליגער מענשען זייערע אויגען און זיי ווילען וויסען וואוהין ער איז געגאנגען. זיי ווילען עס וויסען דירעקט, זיי הויבען עפעס אן צו פארשטעהן. טייל פון זיי האבען פריהער זיך קיינמאל נישט ערנסט פארטראכט וועגען דעם. „ער מוז ערגעץ זיין", — זאגען זיי — „ער איז געוועזען פול מיט לעבען; קענען מיר אויסגעפינען?" דאו זעהט איך, אז דורך דעם הויבען מענשען אן אויסצוגעפינען, נישט בלויז פאר זיך אליין, ווייל האס, וואס זיי געפינען אויס, ווערט אויך פארשפרייט צווישען אנדערע.

ער וויל אייך זאגען, אז ה' פרעדריק מייערס זאגט, אז אין צעהן יאהר שפעטער וועט די וועלט זיין גאנץ אנדערש. ער זאגט, אז ארום פופציג פראצענט פון ציוויליזירטע טייל פון ערד־קוגעל וועט זיין ספירימואליסטיש, אדער נאהענט דערצו.

# אַ זיצונג מיט מאַדאַם לעאָנאַרד

(אויסצוגען)

פרייטאג, דעם 24סטען מערץ, 1916, פון 5:45 ביז 8 אווענט.
(אנוועזענד אָליווער לאָדזש און זיין פרוי).

## ראַפּאָרט פון אָליווער לאָדזש

פעדא:— ער איז געווען אין אַ פּלאַץ, העכער פון דעם פּלאַץ, וואו ער איז. ער האָט באַזוכט פאַרלעזונגען אין, ווי זיי רופען עס, „לערן־זאַלען״; דו קענסט זיך פאַרבאַרייטען צו א העכערער ספערע בעת די ביסט אין די נידעריגערע.

וועט עס אייך אינטערעסירען צו וויסען וועגען איינעם פון די פּלעצער. וואו ער איז געווען? ס'איז פאר איהם אזוי אינטערעסאנט.

ער איז אריין אין אַ פּלאַץ, וועלכעס איז, ווי ער רעכענט, געמאַכט פון אַלבּאַסטער. ר'איז נישט זיכער אויב דאס איז טאַקע אזוי, נאר אזוי זעהט עס אויס. ס'קומט־אויס ווי אַ כארט טעמפּעל — אַ גרויס טעמ־פּעל. גרויסע מאַכען מענשען האָבען זיך אהין געצויגען, און זיי האָבען אויסגעזעהן זעהר גליקליך. ווען ער איז אויסגעמישט געווארען מיט דעם עולם, וואס איז אריין אין טעמפּעל, האָט ער געפיהלט ווי — ווי ער וואָלט געטרונקען צופיל שאַמפּאַניער — דאס איז, ווייל ער איז נישט צוגעוויינט צו די באַדינגונגען אויף יענער ספערע. ס'איז אַן אויסער־געוועהנליך געפיהל. ער איז אריינגעגאנגען און געזעהן, אז די געביידע איז אינווענדיג אינגאנצען ווייס. דארט זענען געווען אַ סך פאַרשידענע ליכט: ס'האָט אויסגעוויזען ווי טייל פּלעצער זענען באַדעקט מיט רויט אין... ס'איז געווען בּלאָ, און דער צענטר איז געווען באַדעקט פון אָראַנזש קאָליר. ס'זענען נישט געווען אַקוראַט די קאָלירען, וואס ווערען גערופען מיט אָט די נעמען, נאר אַזעלכע זיכטבּאַרע שאַטענס. ער האָט געוואָלט זעהן פון וואַנען דאס ליכט קומט און דאַן באַמערקט, אז אַ סך פון די פענסטער זענען אומגעהייער גרויס און די שויבען זענען פון די קאָלי־

רען. ער האט געזעהן, אז א סך מענשען ווילען דוקא שטעהן אין דעם ראַזען ליכט, וואס פאלט פון די רויטליכע שויבען; אנדערע ווילען דוקא שטעהן אין דעם בלאָען און אנדערע ווילען זיך געפינען אין דעם אראנזש אָדער געלען ליכט. ער האָט געקלערט: „צוליעב וואס טהוען זיי דאס?" און מ'האט איהם דערקלערט דעם עפעקט, וואס יעדע פון די ליכט־קאָלירען האט. דער פיהרער האָט איהם געזאגט, אז דער כח פון קאלירען איז וויכטיגער ווי די מענשען פון דר'ערד ווייסען, און אז מיט דער צייט וועט געמאכט ווערען א שטודיום וועגען עפעקט פון די פארשידענע ליכט.

זיי האבען זיך אוועקגעזעצט און געהערט, און די ערשטע טייל פון דער צערעמאָניע איז געווען אין דער פאָרם פון א פארלעזונג, אין וועלכער איינער פון די פיהרער האט קלאָר געמאכט ווי צו לערנען אנדערע אין די נידעריגערע ספערען און אויף דער ערד, מעהר זיך אריינצוטון אין גייסטיגען לעבען בעת זיי זענען נאך אויף די נידעריגע ספערען. ער (ריימאָנד) האט נישט בלויז פארנומען דעם רעדנער'ס ווערטער, נאר דעם געדאנק — גאנצע זאצען אויף אמאָל, אנשטאט איינצעלנע ווערטער, מ'האט זיי געגעבען לעקציעס וועגען קאָנצענטראציע. ער האט געפיהלט ווי עפעס טיילט זיך אָפּ פון איהם, געהט דורך די אַנדערע ספערען צו דער ערד, און העלפט עמיצען, כאָטש ער האט נישט גע־וואוסט וועמען. ער קען נישט איבערגעבען ווי וואונדערבאר דאס איז געווען: נישט איינמאל האט ער דאס געפיהלט — עטליכע מאָל.



## בריף *)

וואס אויטאמאטיש שרייבען מיינט, האב איך שוין דערקלערט אויך געבראכט פאר א ביישפיל וויליאם סטעד'ן, וועלכער איז געבענשט געווען מיט דערדאזינער מעדיומישער איינענשאפט: איצט וויל איך ברענגען א סעריע בריף, וואס זענען פון יענער זייט דיקטירט געווארען צום מעדיום, פריילין עלזא בארקער פון לאנדאן, ענגלאנד.

פריילין בארקער גיט אן, אז די פערזאן, פון וועלכען זי האט באקומען די בריף, איז בעת'ן ערדישען לעבען געווען א גוט־באוואוסטער אדוואקאט, סטודענט פון פילאזאפיע און רייזענדער. ער איז געשטארבען אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע, און פריילין בארקער, וועלכע האט איהם פערזענליך נישט געקענט, האט פון איהם דערהאלטען די ידיעה וועגען זיין טויט בעת זי איז געווען אין פאריז און קיינער האט נאך נישט געהאט געוואוסט, אז ער איז געשטארבען.

איך וועל איבערגעבען די בריף נישט אין דער ארדנונג ווי פרל. בארקער האט זיי איבערגענומען און פארעפענטליכט, נאר לויט אן אייגענער נומעראציע און פארקירצט.

אין דעם ערשטען בריף, וואס פרל. בארקער האט אויטאמאטיש אנגעשריבען, שרייבט דער גייסט:

---

*) פארשטעהט זיך, אז קיינער איז נישט געצוואונגען צו ווערען „איבערצייגט" אין יעדער איינצעלהייט פון די בריף; איך האב מעהר־סטענס געזוכט צו ברענגען ערפארונגען פון אזעלכע פערזענליכקייטען ווי לאדזש, היל און אנדערע געלערנטע, וואס זענען אלגעמיין באקאנט, אבער די בריף פון פריילין בארקער, וועלכע איז באוואוסט אין די ספיריטואליסטישע קרייזען מיט איהרע מעדיומישע אייגענשאפטען, זענען פון א געוויסען שטאנדפונקט אינטערעסאנט — אפילו אלס דיכטונג — און ס'איז כדאי די לעזער זאלען זיך מיט זיי באקענען.

א. א.

# ו־טער בריף

איך בין דאָ, האָב נישט קיין מעות.

דאָס בין איך געווען, וואָס האָט פריהער צו דיר גערעדט, און איצט רעד איך ווידער.

כ'האָב געהאַט אַ וואונדערבאַרע ערפאַרונג. אַ סך, וואָס כ'האָב געהאַט פאַרגעסען, געדענק איך איצט אויף ס'ניי.

איך קען אייך זעהן, כאָטש נישט זעהר דייטליך.

איך האָב דאָ נישט באַגעגענט קיין פינסטערניש. דאָס ליכט איז דאָ וואונדערבאַר, אַ סך וואונדערבארער ווי די זון פון דרום (אמעריקע?).

ניין, כ'קען נישט אצונד זעהן זעהר גוט דעם וועג ארום פאַריז: אַלץ איז אַנדערש. ס'איז מסתמא אייער אייגענע ווירקליכקייט. וואָס מאַכט מעגליך, אַז איך זאָל אייך אין דעם מאָמענט קענען זעהן.



## 2־טער בריף

איך בין איצט קענענאיבער אייך, פונקט אייך אין פנים. ליגענדיג אויף עפּעס. וואס איז ווארשיינליך, א בעט אדער א קאנאפע.

איך בין איצט שטארקער. ס'איז נישטא וואס מורא צו האבען פאר אם דער ענדערונג אין די באדינגונגען.

איך קען אייך אצונד נישט זאגען ווי לאנג איך בין געווען באַוואוסטלאז. ס'האט אויסגעזעהן נישט לאנג.

דער לעהרער האט מיר געהאלפען מאכען דורך אייך די פארבינדונגען מים דער ערדישער וועלט.

בארגט מיר צייטענווייז אייער האנט. איך וועל זי נישט מיסברויכען.

זאכען זעהען מיר איצט אויס פיל לייכטער ווי זיי האבען מיר א לאנגע צייט אויסגעזעהן. איך וואלט זיך געקענט לעננער האלטען אין קערפּער. אבער ס'איז נישט ווערט געווען די אנשטרענגונג.

איך האב געזעהן דעם לעהרער. ער איז נאהענט. זיין הילף איז פאר מיר זעהר נייטיג.

אבער איך מוז איצט געהן. א גוטע נאכט.



# 3־טער בריף

אין א צייט ארום וועל איך אייך באקענען מיט דעם ווימען, וואס איך האב דא דערגרייכט זינט איך בין אהער געקומען. איך זעה איצט די פארגאנגענהייט ווי דורך אן אפען פענסטער.

אלץ זעהט איצט אויס לייכט. כ'קען טון טאפעלט ארבעט ווי איך טו — אזוי שטארק פיהל איך זיך.

כ'האב זיך דערווייל נאך אין ערגעץ נישט איינגעפונדעוועט, איך רייז ארום, וואו די אויגען טראגען מיך: דאס איז, וואס כ'האב גע'חלומ'ט בעת כ'בין נאך געווען אין ערדישען קערפער, אבער עס קיינמאל נישט געקענט אויספיהרען.

שרעקט אייך נישט פאר'ן טויט: אבער זייט אויף דער ערד אזוי לאנג ווי איהר קענט.

אלדינג איז מיט מיר אםבעסטען.

כ'וועל אייך דערצעהלען זאכען, וואס זענען נאך קיינמאל נישט דערצעהלט געווארען.



# 4־טער בריף

מיין פריינד, ס'איז נארנישט דא וואס מורא צו האבען פאר'ן טויט. ס'איז נישט שווערער ווי א רייזע צו א פרעמד לאנד — די ערשטע רייזע פון איינעם, וואס איז זיך שוין איינגעזעסען און זיך צוגעפאסט צו די געוועהנהייטען פון זיין מעהר־ווייניגער אייגען ווינקעלע אויף דער וועלט.

ווען א מענש קומט דא אריבער, זעהען איהם אויס די פרעמדע, וואס ער באגעגענט דא, נישט פרעמדער ווי יענע, וועלכע ער טרעפט־אן אין וועלכען־ס'איז אויסלענדישען לאנד, וואוהין ער קומט ס'ערשטע מאל. נישט אלעמאל פארשטעהט ער זיי: ער מאכט דארט דורך די־זעלבע ערפאהרונגען, וואס א רייזענדער אין א פרעמדער געגענד; איז א צייט שפעטער ווערט ער היימישער און זיינע אויגען הויבען־אן שמייכלען. די פראגע „פון וואנען זענט איהר?״ קלינגט איהם דא אזוי ווי אויף דער ערד. אזוי איז בעת מיר טרעפען זיך אויף די הויכוועגען פונ'ם וואנדער: דא זענען פאראן וואנדער־שטעגען, וואו די נשמות גע־העך ארויף און אראפ, ווי אויף דער ערד. אזא וועג איז מעהרסטענס די דירעקטע ליניע צווישען צוויי גרויסע צענטרען.

מיר קענען דא הערען די קולות פון דער ערד; די קולות מאכען ציטערן דעם עטער, וועלכער ברענגט צו אונז די וויבראציע פון די קולות.

דא זענען פאראן פוילענצער און נאראנים פונקט ווי ביי אייך. דא זענען אויך פאראן דימענטענע און אנציהענדע מענשען, מיט וועלכע ס'איז א פארגעניגען צו פארברענגען.

היץ און קעלט ארט מיך איצט נישט. אין אנהויב האב איך גע־פיהלט אביסעל אומבאקוועם פון קעלט. אבער דאס איז שוין אריבער.



# לעצטער בריף

איך האָב אייך אַמאָל געזאָגט, אַז דאָ איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס האָט נישט עקזיסטירט אויף דער ערד. זינט דאַן האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס איז נישט אינגאַנצען ריכטיג. איך גלויב נאָך אַצונד, אַז אויף די נידעריגסטע שיכטען, נאָהענט צו דער ערד, האָבען אַלע, אָדער כמעט אַלע עקזיסטירענדע זאַכען עקזיסטירט אין פיזישען שטאַף אויף דער ערד. געהכטו אַביסעל העכער אַרויף, אַביסעל ווייטער אַוועק — ווי ווייט קען איך נישט אַקוראַט זאָגען — איז עס שוין גאַנץ אַנדערש. איך האָב באַזוכט די וועלט פון מוסטערן, מוסטערן פון זאַכען, וואָס וועלען אַמאָל זיין אויף דער ערד. איך האָב געזעהן פאָרמען פון זאַכען, וועלכע, אויף וויפיעל איך ווייס, האָבען נישט עקזיסטירט אויף אייער פּלאַנעט — ערפינדונגען, צומבייששפּיל. כ'האָב געזעהן פליגלען, וואָס מ'קען צושפּעטען צו זיך. כ'האָב אויך געזעהן נייע פאָרמען פליה-מאַשינען. כ'האָב געזעהן מאָדעל-שטעדט און מויערן מיט מאַגנע פליגעל-ענליכע פראַזשעקטאָרס, וועמעס נוצען כ'האָב נישט געקענט פאַרשטעהן.

איך וועל נאָכאַמאָל באַזוכען די מוסטערן-וועלט און זעהן, אויב איך קען די זאַכען דאָרט בעסער פאַרשטעהן.

האָט דאָס אין זינען: איך דערצעהל אייך מעהרסטענס געשיכטעס, ווי אַן ערדישער רייזענדער וואָלט זיך אויסגעדריקט, וועגען זאַכען, וואָס איך זעה. טיילמאָל קען מיין אויסטייטשונג זיין פאַלש.



# 6־טער בריף

איך וויל עפעס זאגען יענע, וועלכע זענען נאהענט פון טויט. איך וויל זיי בעטען, אז זיי זאלען פארגעסען זייערע ערדישע קערפערס אזוי שנעל ווי מעגליך, נאך דער ענדערונג, וואס זיי רופען „טויט".

א. די געפערליכע קוריאזיטעט צוריקצוגעהן און באקוקען די זאך, אויף וועלכער מיר האבען אמאל געמיינט, אז ס'איז אונזער גאנצער „איך". דער געדאנק קומט צו אונז מיט אזא קראפט, אז ער שטויסט אונז נענען אונזער ווילען צום ערדישען קערפער.

הייסט זיי דאס אינגאנצען צו פארגעסען, אוועקצושטופען פון זיך דעם געדאנק, אריינצוזוטרעטען אין נייעם לעבען פריי. צוריקצוקוקען צו דער פארגאנגענהייט איז אפטמאל א מעלה, אבער נישט צום דאזיגען טייל פון דער פארגאנגענהייט.

כ'איז אזוי גרינג אריינצוקוקען אין ארון (טויטען־קאסטען), ווייל דער גייסטיגער קערפער, וואס מיר טראגען איצט, איז ווי א ליכט און קען אדורכדרינגען פיזישע געגענשטאנדען. איך בין אליין אויך עטליכע מאל צוריקגעגאנגען (באטראכטען דעם ערדישען קערפער). אבער איך בין באשלאסען מעהר נישט צוריקצוגעהן.

איהר ווייסט, אז דא, ווען מיר טראכטען ערנסט וועגען א פלאץ, זענען מיר אונטערווארפען זיך דארט צו געפינען. אונזער איצטיגער קערפער איז אזוי לייכט, אז ער קען נאכפאלגען דעם געדאנק אהן אנ־שטרענגונג.

די אלע, וואס זענען דא שוין לאנג, זעהען נישט אויס אלט. כ'האב געפרעגט דעם לעהרער וועגען דעם און ער האט מיר דערקלערט, אז מיט דער צייט הערט אן אלטער מאן אויף צו טראכטען, אז ער איז אלט. די טענדענץ איז צו ווערען יונג און דער קערפער נעהמט־אן די פארם, וואס מיר ווינשען אין געדאנק.

קינדער וואקסען דא אויס און זיי קענען אפילו דערגעהן צו א מין „עלטער". אויב זיי האבען דאס אין געדאנק; אבער די טענדענץ איז

אויפצוהאַלטען די יוגענד, צו גערן פאַראויס אָדער צוריקוועגס צו דער בעסטער פעריאָדע פון לעבען.

די מענשען, וואָס מיינען, אַז זייערע אַפגעשיידטע זענען דאָ לויטער קלוגהייט, וועלען שטאַרק אַנטוישט ווערען, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אַז דאָס לעבען אויף אונזער זייט איז אַ פאַרטזעצונג פון דעם לעבען אויף דר'ערד. אויב די געדאַנקען און פאַרלאַנגען זענען דאָרט (אויף דער ערד) געווען פאַרנומען נאָר מיט מאַטעריעלען פאַרגעניגען, זענען דאָ די געדאַנקען און פאַרלאַנגען כמעט דיזעלבע.

דאָס לעבען קען דאָ זיין אַזוי פריי! דאָ איז נישטאָ די לעבענס־מאַשינעריע, וואָס מאַכט די מענשען אויף דר'ערד פאַר שקלאַפען. אין אונזער וועלט איז דער מענש אָפהענגיג פון זיינע געדאַנקען. אויב זיי זענען פריי, איז ער פריי.

איך גלויב, אַז די גליקליכסטע מענשען דאָ זענען די מאָהלער. אונזער שטאָף איז אַזוי לייכט און באַקוועם און אַזוי גרינג צו געברויכען עס, אַז עס נעהמט לייכט אָן די פאָרמען פון דער פאָרשטעלונגס־קראַפט. דאָ זענען פאַראַן פרעכטיגע געמעהלען. טייל פון אונזערע אַרטיסטען פּרובירען אָפּצופּרעכען זייערע בילדער אויף דער פאַנטאַזיע פון די ערדישע אַרטיסטען, און אָפט זענען זיי אין דעם ערפאָלגרייך.

די פרייד פון אונזערען אַן אמת'ן אַרטיסט איז זעהר גרויס, ווען אַ מאָהלער אויף אייער זייט „כאַפּט" זיין אידעע און גיט זי אַרויס אויפ'ן לייוועגט.

מיט פּאָעטען איז דאָס אייגענע. דאָ ווערען געשאַפען פרעכטיגע לירישע געדיכטען, וועלכע ווערען אָפּגעפּרעכט אויף דער פאַנטאַזיע פון ערדישע פּאָעטען. אַ פּאָעט האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז לייכטער צו טון מיט אַ קורץ ליריש געדיכט, ווי מיט אַן עפּישער פּאָעמע אָדער דראַמע. וואו עס איז נייטיג אַ לאַנגע און שווערע אָנשטרענגונג.

כמעט דאָס אייגענע איז מיט מוזיקער. ווען איהר זענט אַמאָל ביי אַ קאָנצערט פון שענער מוזיק, זענען דאָרט, מעגליך, אַרום אייך מאַסען נייסטער. וואָס האָבען ליעב מוזיק, כאָטש אייער מוזיק גרייכט סיי־ווי

אהער און מיר הערען זי. ווען אייערע מוזיקער קענען הערען אונזער מוזיק! אויף דער ערד האב איך נישט פארשטאנען קיין מוזיק, אבער איצט זענען מיינע אויערן געווארען מוזיקאליש. טיילמאל דאכט זיך, אז איהר הערט דארט אונזער מוזיק, ווי מיר הערען אייערע.



# 7־טער בריף

איך האָב דאָ לעצטענס באַגעגענט א זעהר אינטערעסאַנטען יונגענמאַן. ער איז א פאַרליבטער, וואָס האָט צעהן יאָהר צייט געוואַרט, אַז זיין געליבטע זאָל צו איהם קומען.

ז י י האָבען אויף דער ערד געזאָגט, אַז ער איז טויט און זי צוגערעדט צו נעהמען אַן אַנדערן; אָבער זי האָט איהם נישט געקענט פאַרגעסען. ווייל יעדע נאַכט האָט ער איין חלום זיך געטראָפען מיט איהר נשמה. יעדע נאַכט איז זי אַריבערגעקומען צו איהם, און טייל־מאָל האָט זי, דערוואַכענדיג פון שלאָף, געדענקט אַלדינג, וואָס ער האָט איהר געזאָגט אין שלאָף.

מיט א שטיקעל צייט צוריק איז זי געקומען. ער האָט זיך לאַנג פאַרבאַרייט פאַר איהר קומען און ער האָט דאָ אויפגעבויט פאַר איהר א הייס, וועלכע ער האָט איהר געהאַט צוגעזאָגט צו בויען אויף דער ערדישער וועלט.

ער האָט מיר דערצעהלט ווי איינמאָל אין א נאַכט, ווען זי איז צו איהם געקומען אין חלום, האָט זי איהם געזאָגט, אַז זי וועט זיך איינדערפריה מיט איהם ווידער פאַראייניגען. ער האָט זיך דערשראָקען, ווייל ער איז געשטאָרבען מיט א פלוצלינגען, פיינליכען טויט און ער האָט נישט געוואָלט, אַז זי זאָל ליידען יסורים. ער פלעגט זי שטענדיג אָפּהיטען און וואָרנען פון געפאַהר; אָבער דאַסמאָל האָט ער געפיהלט, נאָכדעם ווי דער ערשטער איינדרוק פון איהר צוזאָג איז אַריבער, אַז זי וועט באמת קומען, און ער איז געווען גליקליך.

דעם גאַנצען טאָג איז ער געבליבען ביי איהר. ער האָט נישט געזעהן איהר קערפער, ווייל די שטראַלען פון דער זון זענען פאַר איהם געווען צו שטאַרק. אָבער, נאָך שטונדען־לאַנגען וואַרטען, האָט ער דערפיהלט א האַנט אין זיינער, און כאָטש זי איז פאַר איהם געווען אומזיכטבאַר, האָט ער געוואוסט, אַז זי איז דאָס. ער האָט צו איהר גערעדט. באַגריסענדיג אזעלכע ווערטער, וואָס ער פלעגט געבראַכען אויף

דער ערד. זי האָט קענטיג, נישט פאַרשטאַנען. ער האָט נאָכאַמאָל געַרעדט, און זי האָט ווידער נישט געענטפערט. אָבער ער האָט געוואוסט פון איהרע האַנט־דרוקען, אז זי באַגרייפט זיין אַנוועזענהייט. אזוי האַנט אין האַנט זענען זיי געשטאַנען אין דער פינסטערניש פונ׳ם זונליכט, דער יונגערמאַן וויסענדיג ווי צו רעדען, נאָך זיין לאַנג־יעהריגער דערפאַרונג אין דער וועלט פון אײדעלע קלאַנגען און זי — שפּראַכלאָז און צוטומעלט.

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען האָט ער דערזעהן איהר געזיכט. איהרע אויגען זענען געווען ברייט און צושראָקען; אָבער זי איז נאָך געווען ווי צוגעשמידט צו דעם צימער, וואו עס איז געלעגען דער קערפּער, וועלכער איז נישט לאַנג צוריק געווען „זי”. ס׳איז געווען זומער. די פענסטער אָפען. ער האָט געוואָלט זיך מיט איהר אַוועקלאָזען אין דער פאַרפומירטער נאַכט, וועלכע איז פאַר זיי געווען טאָג; אָבער זי האָט געהאַלטען זיין האַנט און איהם נישט געלאָזען געהן.

ענדליך איז ער מיט איהר אַוועק אויף אַ שטיקעל שטרעקע און צו איהר ווידער גערעדט. איצט האָט זי איהם געהערט און געענטפערט.

געליבטער — האָט זי געזאָגט — וועלכעס בין איך? איך זעה זיך אַליין. איך פיהל זיך אַליין, מיר דאַכט זיך, אז איך בין אויף צוויי ערטער. וועלכעס איז באמת א י ך ?”

ער האָט זי באַרוהיגט מיט ליבליכע רייד, און ער האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט צוריק אַריין אין דער פאָרם פונ׳ם ערדישען לעבען, וואָס איז אזוי נאָהענט צו זיי, און זי ווידער פאַרלירען. אָבער בעת זי פלעגט קומען צו איהם אין חלום, איז עס נישט געווען אזוי רעאַל ווי אַצונד, און ער האָט געפיהלט, אַז זי האָט שוין, ווירקליך, דורכגעמאַכט די גרויסע ענדערונג.

זי האָט זיך אַליין געקלאַמערט צו זיין האַנט, קענטיג מורא־האָבענדיג מיט איהם אַוועקצוגעהן — איבערצולאָזען דעם קערפּער. ער איז מיט איהר פאַרבליבען אַ גאַנצע נאַכט און צומאָרגענס דעם גאַנצען טאָג. דאַן איז ווידער געקומען אַ נאַכט און דערנאָך אַ טאָג. ער האָט

געהערט דעם יאָמער פון איהרע עלטערן, כאָטש זיי האָבען נאַטירליך, נישט געקענט זעהן איהם און נישט זייער טאָכטער; פיינאַכט איז זיין געליבטער׳ס קליין הינטעל אריין אין צימער, וואו איהר טויטער קערפּער איז געלעגען און וואו זייערע ביידע גייסטער האָבען זיך געפונען. דאָס הינטעל האָט זיי געזעהן און פרעהליך געוואָיעט. זיי האָבען דאָס ביידע געהערט.

איצט קען זי איהם גוט הערען, ווען ער רעדט צו איהר.

אויפ׳ן דריטען טאָג האָט מען איהר קערפּער אַריינגעלעגט אין דעם טויטען־קאַסטען. און זיי — די צוויי גייסטער — זענען לאַנגזאַם אַוועק. ער האָט צו איהר געזאָגט:

„זיי זיך נישט מצער. זיי נעהמען דיין קערפּער צום קבר; אָבער דו ביסט אין זיכערקייט מיט מיר.״

ער האָט איהר געוויזען די היים, וואָס ער האָט דאָ פאַר איהר אויפגעבויט. זי איז אַהין אריין מיט איהם און עס איז געוואָרען זייער וואוינאָרט.

אין די ערשטע טעג האָט זיך אין איהר, געוועהנליך, אָפּגערופען די געוועהנהייט פון ערדישען הונגער, און ער האָט איהר געגעבען פאַרשידענע שפּייזען. אָבער ביסלעכווייז האָט זי זיך אָפּגעוועהנט פון דער ערד און פון די ערדישע נייגונגען, און נאָר פון צייט־צו־צייט ווייזט זי זיך אין חלום צו איהרע עלטערן.

איהר דאַרפט נישט גרינגשעצען די חלומות וועגען געשטאָרבענע. זיי באַטייטען נישט אַלעמאָל, וואָס דער חלום דריקט־אויס, ווייל די טיר צווישען די צוויי וועלטען איז זעהר שמאָל און גערענקען ווערען אָפטמאָל אַראָפּגעשטויסען אין וועג פון זייער גאַנג. אָבער חלומות וועגען געשטאָרבענע מיינען עפּעס. מיר קענען אייך אויף דעם אופן גרייכען.



VII

# אונזערע פריינד פון יענער זייט קומען אונז באַגעגענען

אויב איהר האָט אַליין נישט בייגעוואוינט די גסיסה פון א מענ־שען, האָט איהר זיכער געהערט הערצעהלען פון אנדערע, וואָס האבען דאָס יאָ בייגעוואוינט, אַז אַ שטאַרבענדע פערזאָן זעהט אָפט פארשי־דענע געשטאַלטען, מעהרסטענס פון פארשטאָרבענע פריינד און קרובים.

אַזעלכע געשיכטעס ווערען אַ סך דערצעהלט צווישען פאָלק, און אַ היבשע צאָהל פאַלען, וואָס באַשטעטיגען, אָהן צווייפעל, אַז די פאַר־שטאָרבענע קומען באַגעגענען זייערע שטאַרבענדע פריינד, זענען פאַר־צייכענט אין די פּראָטאָקאָלען פון די געזעלשאַפטען פאַר פּסיכישער פאָרשונג.

נאַטירליך דאַרף מען נישט אָננעהמען, אַז אַלע שטאַרבענדע, אָהן אויסנאַהם, זעהען אַרום זייער גסיסה־בעט זייערע „טויטע" פריינד אָדער קרובים; אפשר יאָ און אפשר ניישט, ווייל נישט אַלע שטאַרבענדע זענען איז די לעצטע מינוטען ביים קלאָרען באַוואוסטזיין, אַז מ'זאָל פון זיי עפּעס קענען דערגעהן.

אַבער אין פיל פאַלען איז עס באַוויזען געוואָרען, איבערהויפּט איז די פאַלען, וואָס זענען פאַרשריבען אין די פּראָטאָקאָלען פון די געזעל־שאַפטען פאַר פּסיכישער פאָרשונג. סקעפּטיקער שטעלען קעגען דעם אַרויס אַ טענה, אַז אויף גוסס'דיגע קען מען זיך נישט פאַרלאָזען, און זיי דערקלעהרען זייערע זעהונגען פאַר האַלוצינאַציעס.

ווי איז, אַבער, אַז אַ מענש, וואָס האָט קיינמאָל אין זיין לעבען נישט געהאַט קיין האַלוצינאַציעס און איז פאַר'ן טויט פולשטענדיג קלאָר, זאָגט, אַז ער זעהט זיין מוטער אָדער זיין שוועסטער, וועלכע איז געשטאַרבען בעת ער איז געווען אַ קינד, מיט אַ לאַנגער צייט — לאָמיר זאָגען: פערציג, פופציג יאָהר — צוריק, און וועלכע ער האָט נישט געקענט האָבען אויפ'ן זינען? — ווי קען דאָס דערקלערט ווערען פאַר אַ האַלוצינאַציע?

בכלל, וואָס איז אַ האַלוצינאַציע? — אַ פאַשמאַר, אַ מיראַזש, אַ

מיש־מאש: קיין קלאר געשטאלט, קיין דייטליך בילד זעהט מען נישט אין האלוצינאציע־צושטאנד. ארטור היל דערצעהלט וועגען זיך, אז איינמאל, ווען ער איז געווען קראנק און געהאט דעם העכסטען גראד היץ, האט ער איבערגעלעבט א האלוצינאציע, וועלכע ער האט פארשריי־בען, באלד ווי ער האט געקענט האלטען א פען אין האנט, און די האלו־צינאציע, זאגט ער, האט אויך קיין מינוט נישט אנגענומען די פארם פון זיינע פארשטארבענע קרובים. עס איז גיכער געווען א גראטעסק, א מין חלום, אהן וועלכער־ס'איז ממשות'דיגער געשטאלטונג.

אבער, לאמיר זאגען, אז ס'איז יא מעגליך, אז דעם שטארבענדען'ס זעהונג איז א האלוצינאציע; ער האט פאר'ן טויט געטראכט פון זיינע פארשטארבענע פריינד און קרובים און דאס טראכטען האט פאראור־זאכט א האלוצינאציע.

טא ווי וועט מען דערקלערען א פאל, ווען דער שטארבענדער האט פאר'ן טויט געזעהן א פערזאן, וועגען וועמעס טויט ער האט די מינ־דעסטע אהנונג נישט געהאט און דערפאר וועגען דער פערזאן נישט גע־קענט טראכטען ווי וועגען א פארשטארבענער?

פרייליין פראנצים פאוער קאוב האט פארעפענטליכט א גאנצע קאלעקציע אזעלכע פאלען, וועלכע קענען נישט פארטייטשט ווערען מיט האלוצינאציע.

מאדאם י. די פרוי פון ענגלישען פאלקאווניק י., האט פאר'ן טויט דערצעהלט איהר מאן, אז זי האט אייניגע מאל אין פארלויף פון טאג געהערט זינגענדיגע שטימען און זי האט געמיינט, אז דאס זינגען מלאכים. וואס זענען זי געקומען נעהמען אין הימעל אריין: „אבער — האט זי זיך געוואונדערט, — איין שטים איז מיר זעהר באקאנט, און איך בין זיכער, אז איך ווייס, נאר איך קען זיך נישט דערמאנען, וועמעס שטים עס איז".

פלוצלונג איז זי שטיל געווארען און ווייזענדיג איבער איהר מאנ'ס קאפ אריבער, האט זי אויסגערופען:

— „א, דארט איז זי, אין ווינקעל פון צימער; ס'איז דזשוליא עסס;

זי קומט צו. זי לעהנט זיך איבער דיר אריבער; זי הייבט־אויף איהרע הענט. גיב א קוק — זי געהט אוועק.״

פאלקאווניק י. האט זיך ארומגעקוקט, אבער גארנישט געקענט זעהן און נערעכענט, אז ס׳איז דער קראנקער׳ס איינבילדונג, כאטש אין אלע אנדערע הינזיכטען איז די פרוי געווען פאלשטענדיג נארמאל.

מיט צוויי טעג שפעטער, — נאך זיין פרוי׳ס טויט, — האט זיך דער פאלקאווניק דערוואוסט, אז דזשוליא עקס — א יונגע פרוי מיט א זעלטען שעהנער שטים, וועלכע ער און זיין פרוי האבען געקענט מיט יאהרען פריהער, — איז געשטארבען מיט א וואך פריהער פאר מאדאם י. די לעצטע האט נישט געהאט קיין שום אהנונג וועגען יענער׳ס טויט.

אן אנדער פאל אזא דערצעהלט ד״ר מינאט סאוואדזש אין זיין בוך „פסיכישע פאקטען און טעאריעם״. צוויי קליינע מיידלעך, שול חבר׳טעס, אין עלטער פון ארום אכט יאהר, זענען קראנק געווארען אויף דיפטעריע. א מיטוואך נאכמיטאג איז איינע פון זיי, דזשעני, געשטארבען; דער דאקטאר און די עלטערן פון צווייטען מיידעלע, עדית, האבען פון דער קראנקער באהאלטען די ידיעה וועגען איהר חבר׳טעס טויט, מורא האבענדיג אז דאס וועט זיך אויף איהר שלעכט אפרופען. אז זיי איז געלונגען דאס פון איהר צו באהאלטען, באווייזט דער פאקט, אז שבת, ס׳הייסט דריי טעג נאך דזשעני׳ס טויט, איידער עדית האט פאר־לוירען איהר באוואוסטזיין, האט זי אויסגעקליבען צוויי פון איהרע פא־טאגראפיעס און נעבעטען, מ׳זאל זיי שיקען צו דזשעני׳ן.

אין אווענט פון זעלבען טאג, האלב זיבען, איז עדית געשטארבען. זי האט פריהער צוריקגעקריגען איהר באוואוסטזיין און רוהיג גערעדט וועגען טויט, נישט ארויסווייזענדיג קיין שרעק. דאן האט זי אנגעהויבען זעהן פארשידענע פריינד, אויף וועלכע זי האט געוואוסט אז זיי זענען טויט. אבער פלוצים, און מיט א דייטליכען אויסדרוק פון אי־בעראשונג, האט זי אויסגעשריגען:

—טאטע, כ׳געה מיט זיך נעהמען דזשעני׳ן... האסט מיר גאר־נישט נעזאגט, אז דזשעני איז דא!

זי האָט אויסגעשטרעקט איהרע אָרעמס, באַגריסענדיג זי, און גערערט:

— אַ, רזשעני, כ'בין אזוי צופרידען, וואָס דו ביזט דאָ!

ד"ר סאוואדזש האָט דעם פאַל פערזענליך אויסגעפאָרשט און דער פולער נאָמען פון דער פאַמיליע מיט נאָך איינצעלהייטען זענען איבער־געגעבען געוואָרען דעם סעקרעטאָר פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר פסיכישער פאָרשונג, ד"ר הישלאָפּ.

א פולע באַשרייבונג פון דעם געפינט זיך אין דעם זשורנאַל פון דער דערמאָנטער געזעלשאַפט, אין יאַהרגאַנג פון 1917, אויף דער 50־טער זייט.

איינינע געלערנטע, וואָס באַשעפטיגען זיך מיט'ן ספּיריטואַליזם, דערצעהלען פון זייערע דערפאַרונגען, אַז בעת סעאַנסען מיט מעדיומס, זענען געקומען גייסטער, וועלכע האָבען דערקלערט, אַז זיי וואַרטען אויף וועמען — א קרוב, א פריינד, — וואָס דאַרף אריבער אויף זייער זייט, און אַן אויספאָרשונג האָט דערנאָך באַוויזען, אַז אין דערזעלבער צייט, אָדער אין די זעלבע טעג, איז געשטאָרבען א פאַרוואַנדטער פון א גייסט, וועלכער האָט דעמאָנסטרירט און געמאַכט די דערקלערונג.

ליידער שענקען די מעהרסטע מענשען וויניג, אָדער גאָרנישט, קיין אויפמערקזאַמקייט צו די רייד פון שטאַרבענדע, אויסער ווען ס'האַנ־דעלט זיך וועגען רייך־מאַטעריעלע אַנגעלעגענהייטען, ווי ירושה און דאָסגלייכען... באַלד ווי דער שטאַרבענדער הייבט־אָן רעדען וועגען אַנ־דערע זאַכען, וואָס ער זעהט אָדער הערט אין די לעצטע מינוטען, רוקט מען זיך פון איהם אַוועק מיט שרעק; ס'הייסט, אַז ער „רעדט פון וועג", אַז ער איז נישט מעהר ביים קלאָרען פאַרשטאַנד, און דער יאָמער צוויי־שען זיינע אייגענע ווערט נאָך גרעסער.

צווישען די עולות, וואָס מיר באַגעהען, איז אפשר די גרעסטע עולה אונזער באַציהונג צו די פאַרשטאָרבענע. באַלד ווי איינער פון אונז גרייכט זיינע לעצטע מינוטען אויף דער ערד, הערען מיר אויף זיך צו רעכענען מיט איהם און באַטראַכטען איהם ווי א מאַשין, וואָס פאַר־

לירט איהר קראפט און האט מעהר קיין ווערט נישט, אדער ווי א זאך, וואס וועט זיך באלד פארוואנדלען אין א טויט שטיק ליים.

וואלטען מיר געשאנקען מעהר אויפמערקזאמקייט די שטארבענדע, וואלטען מיר דאן בעסער פארשטאנען די ערשיינונג, וואס מיר רופען „טויט". און אונזער באציהונג צו די פארשטארבענע וואלט געווען אן אנדערע. א מעהר ראציאנאלע, א מעהר פ ר י י נ ד ל י כ ע .

נאטירליך, מיט דער איבערצייגונג, אז די „טויטע" לעבען, אז אונזערע פארשטארבענע פריינד און קרובים זעצען־פאר זייער עקזיסטענץ אין אן אנדער ספערע, וועלכע איז פונקט אזוי רעאל ווי אונזער ערד־ספערע: מיט דעם באוואוסטזיין, אז „טויט" איז בלויז דער נאמען פאר'ן איבערגאנג פון איין וועלט צו אן אנדער וועלט, — אן אידעע, וואס ווערט אלץ מעהר און מעהר פארשפרייט, א דאנק דער ספיריטואליסטישער וויסענשאפט — וועט זיך, ממילא, ענדערן די באציהונג צו די שטארבענדע, צו די גוסס'דיגע, און מ'וועט זיי שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט, כ'וועט זיך געזעגענען מיט זיי ווי מיט מענשען, וועלכע וואנדערן אוועק אין אן אנדער לאנד און מיט וועלכע מיר האפען זיך אמאל צו זעהן.

דאס באוואוסטזיין פון אומשטערבליכקייט, פון דער רעאליטעט פון „יענער וועלט", וועט אויך ביסלעכווייז פארטרייבען די שרעק, וואס איז איינגעוואורצעלט אין די מעהרסטע מענשען פאר „איבערנאטירליכע ערשיינונגען", איבערהויפט פאר די גייסטער פון „טויטע".

שרעקען זיך פאר אן אייגענער מאמען, פאר א פריינד, וואס איז געשטארבען, — ווי טרויעריג דאס קלינגט! אבער ס'איז א פאקט, אז אפילו פערזאנען, וואס האבען שוין א גרעסערע באקאנטשאפט מיט פסיכישע ערשיינונגען, קענען זיך נישט באלד באפרייען פון דעם אומהיימליכען געפיהל, בעת א פסיכישער זעהונג אדער בעת דער קאמוניקאציע מיט גייסטער, און ס'נעהמט א היבשע צייט, ביז זיי קענען פון זיך אויסוואורצלען די שרעק, וואס איז אין זיי דערצויגען געווארען פון קינדהייט־אן.

מיט דער אויפהייבונג פון דער פאַרהאַנג, וואָס האָט פאַר אונז פאַרשטעלט „יענע זייט" פון קבר — וועט אויך ביסלעכווייז אפּגע־מעקט ווערען די שרעק פון אונזער בלוט. זיך איבערצייגענדיג, אַז די, וואָס זענען שוין אַוועק א ה י ן, זענען אַזוי רעאַל ווי מיר אַליין, און אַז זיי זוכען אונז נישט קיין שלעכטס צו טון, נאָר אדרבא, מיר האָבען דאָרט פריינד, וואָס ווילען אונז העלפען, וועט פאַרשווינדען די אַלטע מורא און יעדער וועט פריי און זיכער באַגריסען די דערשיינונג פון א פאַרשטאָרבענעם פריינד, ווי מ׳באַגריסט אַ פריינד, וואָס אין נאָך אין ערדישען קערפּער.



VIII

# מעגליכקייט און אוממעגליכקייט

נאך אלע ספיריטואליסטישע סעאנסען, נאך די אלע שטרענגע פארשונגען, נאך די אלע עקספערימענטען, וואס ברענגען ארויס די באוויזען פון א צווייטער עקזיסטענץ; נאך די אלע פילאזאפישע און וויסענשאפטליכע דערקלערונגען וועגען דער רעאליטעט פון דעם לעבען נאכ'ן טויט — בלייבט פאר פיעל אלץ שטעהן די פראגע: אבער ווי איז עס מעגליך? מיר ווייסען די געזעצען און די באדינגונגען, וואס מאכען מעגליך דאס לעבען אויף דער ערד, כאטש וואס דאס לעבען אליין איז ווייסען מיר נישט. אבער וואס מאכט מעגליך דאס לעבען אויף „יענער זייט" פון קבר?

דאס איז א שווערע פראגע, נאר — צוריקגעשמועסט — וואס זענען די באדינגונגען און געזעצען, וואס מאכען דאס לעבען אויף דער ערד מעגליך? — פיזישע! אבער די פיזישע באדינגונגען דערמעגליכען בלויז דעם אויפהאלט פון פיזישען קערפער. די נשמה איז נישט אפהענגיג פון קערפער, זי בלייבט לעבען אויך נאכ'ן צופאלען פון קערפער. דער קערפער, דאגעגען, קען אהן א נשמה נישט עקזיסטירען. די פיזישע באדינגונגען זענען, אלזא, בלויז פאר'ן קערפער, אין וועלכען די נשמה וואוינט בעת'ן לעבען אויף דער ערד, און די נשמה אליין, אהן קערפער, לעבט אונטער ריין־גייסטיגע באדינגונגען און „געזעצען".

אויסערדעם: די פראגע וועגען דער מעגליכקייט פון לעבען, אפילו מיר ווייסען זיינע באדינגונגען און געזעצען, קען נישט אנגעווענדעט ווערען בלויז אויפ'ן לעבען נאכ'ן טויט. דער עיקר זענען דאך נישט די באדינגונגען, וואס דערמעגליכען דאס לעבען, וואס איז שוין פאראן, נאר דאס לעבען אליין; און דאס לעבען נאכ'ן טויט איז נישט קיין אנדער לעבען, קיין באזונדער לעבען, נאר א פארטזעצונג פון לעבען

וואס איז דאס גאנצע לעבען? קיינער איז דערווייל נישט אימ־

שטאנד אויף דעם צו ענטפערן. מיר ווייסען, אז מיר עקזיסטירען. אבער פ א ר ו ו א ס מיר עקזיסטירען ווייסען מיר נישט. מיר ווייסען, אז עס א י ז , אבער נישט פארוואס עס איז, פון וואנען עס איז און צוליב וואס עס איז.

די וויסענשאפט פראבירט פארענטפערען דעם אורשפרינג פון לע־בען, אבער דאס לעבען אליין בלייבט א טיפער סוד. די וויסענשאפט באמיהט זיך צו דערקלערען די נאטור, דעם כאראקטער און די געזעצען פון די לעבענס־ערשיינונגען, אבער דער שורש, דער ווארצעל, די ערשטע אורזאך קען זי דערווייל נישט — און וועט אפשר קיינמאל נישט קענען דערקלערען.

די גאנצע אומענדליכקייט איז אנגעפילט מיט לעבען. די ערד איז באלעבט מיט אלערליי באשעפענישען, אויף דער טרוקעניש און אין די טיפען און ימ׳ען און אין דער לופט שוועבעלט און גריבעלט מיט לעבען. אין דער גרויסער ,,לײדיגקייט‘‘ באוועגען זיך מיליאנען־מיליאנען קערפערס. גאנצע וועלטען, —פון וואנען נעהמט זיך דאס אלץ, ו ו ע ר האט געגעבען דעם ערשטען שטויס צו דער אייביגער באוועגונג? און וואס איז א ו מ ע נ ד ל י כ ק י י ט בכלל. אויב נישט א נאמען פאר א ג ר ו י ס. וואס איז איבער אונזערע השגות? וואס זענען די „אייביגע געזעצען‘‘ ו ו ע ר אדער ו ו א ס האט זיי געשאפען און פארוואס זענען זיי אזוי און נישט אנדערש?

פאראן ענטפערס אויף ענטפערס. נאר... דאס זענען ווערטער, אבסטראקציעס, וואס דערקלערען גארנישט. וואס די „ערשטע‘‘ אורזאך זאל נישט זיין, לויט אונזער באשטימונג — פון וואנען איז זי, פון וואנען נעהמט זי זיך? און אויב עס איז דא א „פון־וואנען‘‘, — און אזעלכעס מוז ווידער לויט אונזערע באגרענעצטע השגות זיין, — איז דאך די פריהערדיגע „ערשטע אורזאך‘‘ קיין ערשטע נישט. און אויב....

אבער מיר מוזען זיך אפשטעלען... מיר דרעהען זיך אין א פאר׳־כשוף׳טען קרייז און פון וואנען מ׳זאל נישט אנהייבען, מוז מען צוריק־קומען צום זעלבען פונקט. מיר מוזען זיך דעריבער אליין באגרענעצען.

מיר מוזען שלום מאכען מיט אונזער באגרענעצטען פארשטאנד. מיר זאגען זיך אליין „אומענדליכקייט" און מיר ווילען זיך איינרעדען, אז דערמיט האבען מיר ווער־ווייס־וואס פארענטפערט. מיר זאגען „אייבינקייט" און נאכאלעמען איז עס אויך נישט מעהר ווי א ווארט, וועמעס זין מיר קענען נישט באגרייפען, ווען מיר טראכטען זיך אין דעם אריין... נאר, קיין אנדער ברירה איז נישטא.

אלץ, וואס מיר ווייסען, און וואס מיר קענען זיכער זיין איז, אז דאס, וואס מיר רופען „אומענדליכקייט" און „אייבינקייט", איז אויסגעפילט מיט א פארשטאנד, וואס זיין גרויסקייט, טיפקייט און שעהנקייט קען דער קלוגסטער פון אונז נישט משיג זיין; א פארשטאנד, וואס איז אויס־געגאסען אויף אלץ און אין אלץ, וואס עקזיסטירט, אין די זיכטבארע און אומזיכטבארע כחות, וואס געוועלטיגען אין אונז און איבער אונז.

רופט עס גאט, רופט עס ווי איהר ווילט, ווי איינעם איז „באקווע־מער" — און פארוואס טאקע נישט גאט ?... קיין אנדער ענטפער איז נישטא. קיין אנדער ענטפער — וועט — קיינמאל נישט זיין. די וויסענ־שאפט איז דערווייל פול מיט טעאריעס אויף טעאריעס, היפאטעזעס אויף היפאטעזעס, און פון צווישען די היפאטעזעס און טעאריעס לייכטען ארויס אמת'ן אדער פונקען פון אמת'ן, וואס ווייזען א וועג, גיבען אן אנדייטונג. נאר שווער און אומזיכער איז נאך דער וועג צווישען טעאריע און אמת. דערפאר איז נישט קלוג פון די פאר'עקשנ'טע מאטעריאליסטען איינצו־רעדען זיך און דער וועלט, אז זייער פונדאמענט איז געבויט אויף לויטער אמת און אז די גאנצע שעפונג מוז „ארבייטען" לויט די געזעצען און רעגי־לען, וואס זיי האבען פאר איהר איינמאל פאר אלעמאל צוגעפארטיגט...

פארשטעהט זיך, אז אויך דער ספיריטואליזם האט טעאריעס, פאר וועלכע אפילו דער איבערצייגסטער ספיריטואליסט, אויב ער איז נאר נישט קיין ענגהארציגער פאנאטיקער, וועט נישט שווערען, אז זיי זענען פולשטענדיג אויסגעהאלטען: אויב דאס איז נאטירליך פאר דער על־טערער מאטעריאליסטישער וויסענשאפט, איז עס דאך פאר דעם (מאדערנעם) ספיריטואליזם אודאי און אודאי נאטירליך. טעאריעס זענען

א פשט אויף ערשיינונגען אָדער אַן אויסטייטשונג פון זיי. דער עיקר זענען די ערשיינונגען. ס׳מעגען זיך זיין טויזענט טעאָריעס וועגען עלעקטריציטעט און אַלע טויזענט מעגען זיין פאַלש, אָבער עלעקטריציטעט איז אַ פאַקט, מען זעהט — און מ׳פיהלט — זיינע ווירקונגען. אזוי זענען אויך דער עיקר די פ א ק ט ע ן, וואָס ווערען אַרויסגעבראַכט אין באַצוג צו דער פאָרטזעצונג פון לעבען נאָכ׳ן טויט.

פונקט ווי דער מאַטעריאַליזם האָט נאָך נישט פאַרענטפערט די פראַגע פון „ווי אַזוי" וועגען ערדישען לעבען, אזוי קען עס דער ספּיריטוּ־אַליזם דערווייל נישט טון בנוגע דעם גייסטיגען לעבען אויף „יענער זייט". עס זענען פאַראַן מאַטעריאַלען, פאַקטען, באַווייזען, וועלכע האָבען געשאַ־פען די פולשטענדיגע איבערצייגונג, אַז דער קבר איז נישט די ענד פון לעבען. אָבער „ווי־אזוי" דאָס לעבען „דאָרט" איז מעגליך איז א פראַגע, וואָס גיסט זיך צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם פּראָבלעם פון לעבען — — דאָס לעבען נאָכ׳ן טויט איז מעגליך און אוממעגליך ווי דאָס לעבען אויף דער ערד. און ווי דאָס לעבען אויף דער ערד איז עס ר ע אַ ל.

פונקט ווי מאַנכע „קלוגע לייט" קענען „באַווייזען", אַז דאָס לעבען אָהן ערדישען קערפּער איז נישט מעגליך, קען א חכם אויך „באַווייזען", אַז דאָס לעבען אויף דער ערד איז נישט מעגליך, פשוט דערפאַר, ווייל ווען מיר זאָלען דאַרפען ערפינדען דאָס לעבען, וואָלט עס פאַר אונז נישט מעגליך געווען... אפשר איז עס ווי דער כינעזישער פילאָזאָף טשואַנג־טזע האָט געזאָגט, נאָכדעם ווי איהם האָט זיך גע׳חלומ׳ט, אַז ער איז א שמעטערלינג: „בין איך איצט א מענש, וואָס האָט גע׳חלומ׳ט, אַז ער איז א שמעטערלינג, אָדער איך בין א שמעטערלינג, וואָס חלומט, אַז ער איז א מענש?" נאָר צי מיר זענען מענשען אָדער שמעטערלינגען — מיר לעבען. לעבען איז ערפאַרונג און די ערפאַרונג לערנט אונז, אַז מיר ז ע נ ע ן. אַז מיר עקזיסטירען.

טראַכט זיך גוט אַריין אין די ווערטער און איהר וועט דערזעהן זייער גערעכטיגקייט. און אפשר וועט אייך נאָך איינפאַלען, אַז דאָס גייסטיגע לעבען איז מ ע ג ל י כ ע ר ווי דאָס מאַטעריעלע, אַז די מאַטעריע איז

אפהענגיג פון גייסט און נישט דער גייסט פון דער מאטעריע, און אז דאס לעצטע איז א פאלגע פון ערשטען און נישט פארקערט.

איהר נעהמט פאר א ביישפיעל געוועהנליכע, טאג־טעגליכע ערפינדונגען, פון א ניי־מאשין ביז און עראפלאן, און איהר פרעגט: וואו איז זייער שורש? דער ענטפער מוז זיין: „אין גייסט!”. די אלע ערפינדונגען, וואס איהר זעהט פאר זיך, זענען פריהער ג י י ס ט י ג געשאפען געווארען. אין א מח, אין א פאנטאזיע, און דערנאך ערשט זענען זיי אויסגעארבייט געווארען אין מאטעריעלע פארמען.

איהר געהט דאן איבער צו דער וועלט, צו דער גאנצער שעפונג און פרעגט דיזעלבע פראגע: „וואו איז דער שורש דערפון?” און ווידער זענט איהר געצוואונגען צו ענטפערען: „אין גייסט!” דאס אלץ, וואס מיר זעהען אין מאטעריעלע פארמען איז פריהער גייסטיג געשאפען געווארען, אין א פאנטאזיע, אין א מח. דער גייסט איז, אלזא, געווען פריהער ווי דאס מאטעריעלע. צוערשט איז געווען גארנישט... תוהו־ובוהו... און גאט'ס גייסט האט איבער אלעם געשוועבט... און גאט האט געזאגט עס זאל ווערען ליכט און עס איז געווארען ליכט... און אזוי האט ביסלעכווייז דעם שעפער'ס פאנטאזיע אנגענומען מאטעריעלע פארמען.

דא קומען מיר צום געדאנק, אז נישט נאר לעבען מיר נאכ'ן טויט, נאר אז מיר האבען אויך געלעבט פאר'ן געבוירען ווערען, אז דאס לעבען וואס האט קיין סוף נישט, האט אויך קיין אנהויב נישט, — לויט אונזערע באגריפען פון אנהייב און סוף.



IX

# דער דראַנג צו פולקאָמענהייט

עס איז נישטאָ אזא מענשליכע פאַנטאַזיע, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין פאַרצושטעלען גאָט. גאָט קען מען פיהלען מיט'ן האַרץ, מיט דער נשמה; מיט'ן שכל קענען מיר באַגרייפען, אז די וועלט ווערט באהערשט און געפירט פון א געוויסען פאַרשטאַנד. אָבער באַשטימען וואָס גאָט איז, ווי אזוי גאָט איז — דאָס איז איבער די מענשליכע כחות און מעגליכקייטען.

קיינער איז אויך נישט אימשטאַנד צו כ א ר א ק ט ע ר י ז י ר ע ן גאָט: איז ער ליבע אָדער צאָרן, נקמה אָדער רחמנות? איז ער ליבע און רחמנות. ווי קען ער, דער אלערהעכסטער, דער אלמעכטיגער דערלאָזען אַזוי פיעל שלעכטס און גרויזאַמקייט, אזוי פיעל אומגליק און פאַרברעכען אויף דער וועלט?

ווי קען ער?... אָבער פרעגען איז גרינג און פאַרענטפערן איז שווער. דאָס איז דערפאר, וואָס מיר זעהען נישט די גרויסע האַרמאָניע פון דער שעפונג: מיר באמערקען בלויז די דעטאַלען, אָבער נישט זייער פאַרבינדונג, דעם הארמאָנישען צוזאמענהאנג פון די פארשידענע, געגענזייטיגע קרעפטען. פון די סתירות.

גוטס און שלעכטס, ליבע און האס, רעכט און אומרעכט קומען פון אונז און דורך אונז. קענען מיר אפשר גאַרנישט קיין טענות האָבען צו גאָט?... עלעקטריציטעט ברענגט זיכער א סך גליק און באַקוועמליכקייט פאר'ן מענש. אָבער דערזעלבער עלעקטריציטעט ווערט פון מענשען אויך אויסגענוצט אויף שעדליכע צוועקען, וואָס ברענגען אומגליק. אלע ערפינדונגען און אנטדעקונגען זענען א ברכה פאר דער מענשהייט, אָבער דער מענש אַליין מאַכט זיי פאר א קללה און נוצט זיי אויס אויף מלחמה, אויף צושטערונג און פאַרניכטונג.

מיר זענען געבענשט מיט סענטימענטען, מיט עמפינדונגען. אין דער לופט שוועבען כסדר וועלען פון געדאַנקען, וועלכע מיר כאַפּען אויף. מיר

קענען דאס אלעס אויסנוצען צום גוטען אזוי ווי צום שלעכטען, און ווען מיר נוצען דאס אויס צום שלעכטען — צו וועמען קענען מיר טענות האבען? דאס איז אפשר נישט קיין צופריעדענשטעלענדע פארענטפערונג. אבער איז זינען דארפען מיר דאס האבען; און אין זינען דארפען מיר אויך האבען, אז עס איז דא א זין, עס מוז זיין א זין אין דער שעפונג, נאר מיר ווייסען איהם נישט. דערווייל האלטען מיר אין מיטען, אדער, — אין פאראלעל צו דער אייביגקייט. — אין אנהויב פון אונזער גייסטיגער אנטוויקלונג. מיר זענען גייסטיג נאך נישט רייף, נאך נישט פולקאם, און דערפאר זעהען מיר אויך אומפולקאמענהייט אין די לעבענס־ערשיינונגען און בחות (וואס ווירקען דורך אונז); און אז אן אינסטרומענט, — לאמיר איז דעם פאל נעהמען א מוזיקאלישען אינסטרומענט. — איז נישט גאנץ, זענען די קלאנגען, וואס קומען פון איהם, אויך נישט קיין גאנצע...

מיר אליין מוזען פריהער דערגרייכען צו פולקאמענהייט, כדי צו זעהן די פולקאמענהייט פון לעבען און פון די לעבענס־ערשיינונגען.

מיר מאכען דורך א לאנגזאמע — אבער זיכערע — גייסטיגע עוואלוציע. אפשר ווען עס וואלט קיין שלעכטס נישט געווען, וואלטען מיר נישט געהאט דעם דראנג זיך צו הייבען, צו וועלען גרייכען א העכערע שטופע? ווען עס וואלט קיין פינסטערניש נישט געווען, וואלטען מיר נישט אימשטאנד געווען אפצושעצען דאס ליכט...

דאס זענען נישט קיין נייע פראגען און קיין נייע געדאנקען. שוין טויזענטער יאהרען ווי דער פארשענדער מענשליכער פארשטאנד דרעהט זיך ארום דיזעלבע געדאנקען און קיין באפרידיגענדער ענטפער איז נאך נישטא.

נישט נייע איז אויך די פראגע וועגען דעם, אויב בלויז דער מענש (און די אנדערע באשעפענישען, וואס לעבען מיט אונז אויף דער ערד) — זענען געבענשט מיט לעבען און באוואוסטזיין און די ערד, דער קערפער, וואו מיר געפינען זיך. איז א טויטע מאסע?

און נישט נייע איז דער ענטפער, אז די ערד, ווי אויך א סך אנדערע

פלאנעטען, וואס באוועגען זיך אין דער אומענדליכקייט, איז א לעבעדיג און באוואוסטזיניג וועזען.

די ערד באשטעהט פון דיזעלבע עלעמענטען, וואס מיר. פארוואס־ זשע זאל נישט מעגליך זיין, אז די ערד האט א באוואוסטזיין ווי א מענש, נאר אז אומגעהייער גרעסער באוואוסטזיין, אויף וויפיעל גרעסער די וועלט איז פון א מענש ? . . .

שטעלט זיך פאר, ווען באצילען, וואס ראיען זיך אין א מענשליכען קערפער, זאלען צווישען זיך רעבאטירען, אויב דער קערפער, אין וועלכען זיי געפינען זיך, איז א לעבעדיג און א באוואוסטזיניג באשעפעניש אין איין באציל זאל אויף דער פראגע ענטפערען י א — ווי וואלטען די מעהרסטע באצילען זיך אויף דעם אפגערופען ? זיי וואלטען זיכער זיך צו דעם באציגען ווי די מעהרסטע מענשען, הערענדיג פון איינעם אזא „משוגענע" באהויפטונג, אז די ערד איז א באוואוסטזיניגע, לעבעדיגע בריאה, וויל פונקט ווי די באצילען, לעבענדיג אין מענשליכען קערפער, אנטקעגען וועלכען זיי זענען אזוי נישטיג, קענען נישט זעהן די לעבעדיגע און באוואוסטזיניגע טעטיגקייט זיינע, אזוי קענען מיר, מענשען, וועלכע זענען ווי באצילען אין קערפער פון דער וועלט, אנטקעגען וועלכען מיר זענען אזוי קליין און אומבאדייטענד, נישט באמערקען די לעבעדיגע און באוואוסטזיניגע עקזיסטענץ פון דעם קערפער, וואס זעהט פאר אונז אויס ווי א טויטע מאסע.

נאר . . . ווארט. ציהט־אפ דעם אטעם . . . די ערד און די אנדערע פלאנעטען — לעבעדיגע, באוואוסטזיניגע, שכל'דיגע וועזענס . . . די מענ־ שען — באצילען אין די דאזיגע גיגאנטישע קערפערס, וואס באוועגען זיך אין דער אומענדליכקייט ; די פלאנעטען ווידער — באצילען אין דעם אומענדליכען, אוניווערזאלען קערפער, און די גאנצע נאטור — דער קערפער פון גאט ! . . .

איז דא א מענשליכער שכל, וואס זאל דאס אלעס קענען אויפ־ פאסען, באנעהמען, באגרייפען ? און דאס איז נאך נישט אלדינג, דאס זענען נאר עטליכע פראגען, עטליכע רעטענישען פון דעם אומדערשעפ־

ליבען קוואל, אַנגעוואָרפען בלויז, כדי די אלוויסענדע חכמים זאָלען זיך נישט איינרעדען, אז די שעפונג, אז די גאַנצע עקזיסטענץ איז אזוי איינפאך, אזא אלטעגליכע, כמעט געשעפטסמעסיגע אנגעלעגענהייט, אז איינער זאל קענען רוהיג און מיט זיכערקייט אַ קלאַפּ טון אין טיש אריין און אויסרופען: רבותי, איך ווייס אלעס, אזוי־און־אזוי איז עס און אנדערש קען עס נישט זיין!

נאָר אַן איגנאראַנטער. אומוויסענדער מענש קען רעדען מיט אַזא זיכערען, אלוויסענדען טאָן וועגען די העכסטע פראגען און פּראָבלעמען, ווי גאָט אדער די אומשטערבליכקייט פון דער מענשליכער נשמה. די שעפונג, דאס לעבען, די גאַנצע עקזיסטענץ איז פיל שענער, טיפער און ק א מ פּ ל י צ י ר ט ע ר ווי דער גרעסטער דענקער אדער דיכטער איז עס אימשטאנד צו זעהן און אויפצופאסען.



איך בין געווען אן עקסטרעמער מאטעריאליסט, אבער די פאקטען בייטען זאכען. און די פאקטען האבען מיך באזיעגט.

דר. א. ר. וואלאס.

איך גלויב גערן, אז עס זענען פאראן מעהר אומ־זיכטבארע וועזענס אין אוניווערזום ווי זיכטבארע.

סעמיועל טיילאר קאלרידזש.

איך האב אליין געזעהן די פולשטענדיגע מאטערי־אליזירונג פון מיין (פארשטארבענער) מוטער.

פראפ. לאמבראזא.

ס'איז אבסאלוט אמת, אז עס איז געשאפען געווא־רען א פארבינדונג צווישען ד ע ר וועלט און י ע נ ע ־וועלט.

פראפ. וו. קרוקס.

די אמת'ע וועלט איז פיעל פרעכטיגער ווי אונזער שענסטער חלום.

דר. שונטער.

# ביילאגע

איהר האט געזעהן ווי די טעלעפאטיסטען ווילען מיט'ן כח פון טעלעפאטיע באשטרייטען דעם ספיריטואליזם, און ווי די ספיריטואליסטען באווייזען פונקט דעם געגענזאץ — אז טעלעפאטיע באשטעטיגט די אומאפהענגיגקייט פון מענשען'ס גייסט.

א פנים, אז די טעלעפאטיסטען האבען שוין דערפיהלט זייער שוואכע פאזיציע, ווייל ס'האט זיך באוויזען א געלערנטער, פראפ. בואראק, וואס וויל צושלאגען די ספיריטואליסטען, שוין נישט מיט טעלעפאטיע, נאר — מיט „לעבעדיגען מאגנעטיזם.״

פראפ. בואראק האט אנטדעקט אין זיך א קוואל פון מאגנעטיזם, מיט וועלכען ער באווייזט וואונדער. א מאך מיט'ן האנט און ער ציהט נאך זיך אן אבר פון אן אנדער מענשען, גאר אהן יענעמ'ס וויסען. און נישט נאר מענשען. ער האט פראבירט מיט א טישעל — און דאס טישעל האט זיך געהויבען און באוועגט, לויט זיינע האנט־באוועגונגען, זיך אפילו נישט צוריהרענדיג צו דעם.

א אידישער שרייבער, מארק טאלעראז (פסעוודאנים), קומט דערפון צום שלוס, אז פראפ. בואראק באגראבט גייסטער.

פאר'ן געהן צום דרוק איז נישט מעגליך זיך לענגער אפצושטעלען אויף דעם פאלשען אויספיהר. וועל איך זיך באנוגענען מיט עטליכע ווערטער.

ה' ט. באמערקט וועגען פראפ. בואראק'ס עקספערימענטען: „פאר די ספיריטואליסטען איז דאס געווען די ארבייט פון גייסטער. און מעהר קיין דערקלערונגען נישט; פאר דער וויסענשאפט איז דאס א כח, וואס מ'דארף איהם שטודירען.״

הייסט עס, אז לאדזש, פלאמאריאן, לאמבראזא און די אנדערע ספיריטואליסטען, האבען נישט וואס צו טהון מיט דער וויסענשאפט? פראפ. בואראק יא. זיי — נישט...

און וואס באווייזען פראפ. בואראק'ס עקספערימענטען אין דערווירקליכקייט? אז אין מענשען לעבען וואונדערליכע קרעפטען און ענער־

גיען, און אויף דעם ווייזען די ספּיריטואַליסטען כסדר אַן. פּאַרלייקענען זיי דען די וואונדער פון דעם גייסט אין לעבעדיגען קערפּער ?

אויב דעם פּראָפעסאָר זאָל געלינגען מיט זיין „כשופ'דיגער האַנט'' צו באַוועגען אַן עלעקטרישען דראָט, נישט באַריהרענדיג איהם, וועט דאָס גאַרנישט אַפּלייקענען דעם פאַקט, אַז דער דראָט קאָן אויך אויף אַן אַנדער אופן געבראַכט ווערען אין באַוועגונג..

האַט פּראָפ. בואראַק געהויבען אַ טישעל אָהן דער הילף פון גייס־טער, רעדט ער גאָרנישט געגען דעם ספּיריטואַליזם. די ספּיריטואַליסטען זאָגען בלויז, אַז דאָס טישעל איז איינע פון די מיטלען, דורך וועלכע צו קאָמוניקירען מיט דער איבערזינליכער וועלט. דאַן זענען די באַוועגונגען פון טישעל נישט די הויפּט־זאַך, נאָר די ידיעות און דערקלערונגען, וואָס די ספּיריטואַליסטען קריגען דורך די באַוועגונגען ארויס, מיט דער הילף פון אַלפאַבעט.

די ספּיריטואַליסטען וועלען זיכער דעם פּראָפ. בואראַק דאַנקבאַר זיין פאַר זיין אַנטדעקונג, וואָס שטרייכט נאָך שטאַרקער אונטער די מיסטעריע פון מענשליכען גייסט, וועלכער לעבט זיין אייגען לעבען, אויך נאָכדעם ווי דער פיזישער קערפּער איז שוין באַגראָבען. גייסטער באַגראָבט מען נישט !...



# אינהאלט:

